ויסקינד שפּירא

# הערנער אונטער דער קרוין



אויסשליסלעכער פאַרקויף:

צענטראַלער ביכערלאַגער „קולטורליגע", וואַרשע

ועשנא 40. פּ. ק. אָ. 2428.

# אינהאַלט.

# דער אוצר פון פאַדישאַך.

דער יונגער ממונה איבערן פאַדישאַכס אוצר איז געווען אַזוי געלערנט, אַז די קונץ פון שרייבן האָט ער געקענט ווי אַ וואַסער. האָט ער אַלץ אויפגעשריבן וואָס עס איז געווען און וואָס עס איז דאָ אין אוצר, וואָס האָט באַדאַרפט זיין דער גרעסטער פון אַלע אוצרות פונקט אַזוי ווי דער פאַדישאַך איז דער גרעסטער פון אַלע מלכים. און צום אַכט און צוואַנציקסטן טאָג פון דער אַלטער לבנה האָט ער זיך געשטעלט פאַר זיין הויכקייט דעם פאַדישאַך באַלאָדנט מיט מגילת, פון וועלכע עס איז פאַר זיין הויכקייט קלאָר געוואָרן, אַז דער אוצר איז פוסט.

און דעריבער איז שוין צוויי מאָל די לבנה איבערגעגאַנגען אין איר חודש-גאַנג, און די טויזנט ווייבער פון זיין הויכקייט האָבן נישט געקראָגן אויף זייער לויטערקייט און נישט אפילו אויסצוהאַלטן זייערע זיבן הונדערט ליכטיקע פרינצן און דריי הונדערט אַמען.

האָט דער פאַדישאַך אַ צאָרנדיקער אַ פרעג-געטון:

– און פון מיינע אונטערגעוואָרפענע פעלקער האָסטו שוין אַלץ אַרויסגעקראָגן?

– אַזוי ווי די דאַרע פייגן האָבן מיר זיי אויסגעפרעסט – האָט געענטפערט דער ממונה.

און וואו זענען מיינע פעלדער, און ווו זענען מיינע וויינגאַרטנער? — האָט ווייטער געפרעגט דער פּאַדישאַך.

— דיינע גערטנער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי דער גן-עדן, האָט שוין לאַנג דער צינש אויפגעגעסן.

— און וואָס טוען מיינע קנעכט? זאָל מען רופן דעם ממונה איבער די קנעכט! — האָט געצאָרנט זיין הייכקייט.

איז געקומען דער ממונה איבער די קנעכט און איילנדיק, און פאַרנויגנדיק זיך ביז צו דער ערד, האָט ער אזוי געזאָגט:

— גרעסטער פון אַלע הערשער! ביי דיינע קנעכט זענען די בייכער שוין איינגעפאַלן פון הונגער. זיי צאָלן דיר פאַר וואַסער און קיין ברויט האָט שוין זייער אויג פון דער ערשטער לבנה נישט געזען.

— און וואו איז דאָס גאָלד פון מיין ליכטיקן זיידן? — האָט דער פּאַדישאַך געציטערט פון כעס.

האָט דער יינגער ממונה אַריינגעקוקט אין זיינע פּאַרמעטן און געזאָגט:

— די זיבן הונדערט גאָלד-זעק, וואָס דיין ליכטיקער זיידע — זיין נשמה צווישן די שענסטע ווייבער אין גן-עדן — האָט געבראַכט פון די צלם-לענדער — אַ פורעניות אויף זיי — זענען אויפגעגעסן געוואָרן פון דיינע ליכטיקע טויזנט ווייבער און זיבן הונדערט פּרינצן און דריי הונדערט אַמען.

האָט דער פּאַדישאַך צוזאַמענגערופן זיינע אַלע חכמים און יועצים, אַז זיי זאָלן ראַטן, וואָס צו טון.

און געקומען זענען יועצים, וואָס האָבן אויסגעזען ווי ווייןפעסער, און חכמים, וואָס זענען געווען שווער ווי געשטאָפּטע אָקסן; עס זענען געקומען חכמים, געטראָגן אונטער חופות אויף נאַקעטע קנעכט און אַזעלכע אויף מוילאייזלען, דען

גיין אויף די פיס איז פאַר זיי געווען זייער אַ שווערע זאַך. און ווען אַלע האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט און געזעסן אויף די קישנס, האָט דער פּאַדישאַך אַזוי געזאָגט:

– יועצים מיינע און טרייע דינער, גלויביקע פון אַללאַה און זיין נביא מאַכמעד! זייט וויסן, אַז דער אוצר פון קעניג און פּאַדישאַך איז ליער, צום צער פון גאַנצן הויף, פון האַרעם און פון אַלע גלויביקע. און נאָך זייט וויסן, אַז שוין לאַנג האָט דער צינש אויפגעהערט דעם פּאַדישאַכס גיטער און אַז די זעק געלד, וואָס דער זיידע מיינער – זיין נשמה אין גן-עדן – האָט געבראַכט פון די פאַרשאָלטענע צלם-לענדער, האָבן זיך שוין אויך אויסגעלאָזט. דעריבער האָבן מיר באַוויליקט צונויפצורופן דאָ איצט דעם העכסטן ראַט, און איר זאָלט זאָגן, וואָס צו טון.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט איצט אין זאַל. אַ סך פון די יועצים האָבן געקלערט, ווי אַזוי אַהערקצושיקן זייערע קאַראַוואַנען, נישט פילנדיק זיך ווערט אָנצופילן מיט זיי דעם פּאַדישאַכס אוצר; אַ סך האָבן געזיפצט איבער די פאַרמעגנס זייערע, וואָס איז נישט צום באַהאַלטן... און דער פּאַדישאַך האָט געזען, ווי געטריי זיינע יועצים זענען אים און ווי זיי זיצן באַטריבט און פאַרקלערט.

נאָך לאַנגן קלערן האָט זיך דער עלטסטער יועץ אָפּגערופן:

– ווער איז ער, וואָס האָט געוואַגט דעם פּאַדישאַך אַליין אַזעלכעס צו זאָגן?

– דאָס האָט געזאָגט דער ייִנגער ממונה אויפן אוצר – האָבן געענטפערט די אַרומיקע.

– אָט דער, וואָס האָט די זכיה דאָס ערשטע יאָר צו זיין אויף דער הויכער שטעלע?

— יאָ, אָט דער ייִנגער.

— צי האָט מען אַזעלכעס ווען געהערט פֿאַרן אַלטן ממונה?

— ניין — האָבן געענטפֿערט די זקנים — יענער האָט נישט געהאַט אַפֿילו די העזה צו טראַכטן איבער אַ זאַך, וואָס רירט אָן דעם האַרעם און זיין הויכקייט, דעם פּאַדישאַך אַליין, און אפשר — היט-אָפּ אַללאַה דיינע גלויביקע — אפשר אַלע יועצים אויך...

— דער אַלטער ממונה וואָלט אַזעלכע ווערטער גאָר פֿאַרן מויל נישט געבראַכט און מיר וואָלטן דערפֿון גאָרנישט געוואוּסט — האָבן געזיפֿצט די אַלטע יועצים.

— דאָס הייסט דאָך געמורמלט אויף דער גאַנצער מלוכה — האָט געצויגן דער עלטסטער — ווער וואָלט זיך דאָס דערלויבט צו זאָגן, אַז זיין הויכקייט, דעם פּאַדישאַכס ווייִנגערטנער זענען פֿאַרזעצט געוואָרן, און אַז דאָס גאָלד פֿון די צלם-לענדער — אַ פּורעניות אויף זיי — איז שוין נישטאָ. ווער האָט דען געוואוּסט אַמאָל פֿון אַזעלכעס?

— זאָל מען ברענגען אַהערצו דעם, וואָס האָט געהאַט די העזה אַזעלכעס גאָר אויפֿן רעיון צו נעמען — האָבן געראָטן די איבעריקע יועצים.

האָט מען געבראַכט דעם ממונה איבערן אוצר.

— וואָס האָסטו געטון אַזעלכעס, זינט דו ביסט אַרויף אויף דער הויכער שטעלע, וואָס דו האָסט דערשראָקן אונזערע הערצער, און דאָס האַרץ פֿון זיין הויכקייט, דעם פּאַדישאַך, מיט דיינע רייד? — האָט געפֿרעגט דער עלטסטער פֿון די חכמים.

— איך האָב פֿאַרשריבן אויף מיינע פּאַרמעטן דעם אוצר פֿון זיין לויטערקייט, דעם פּאַדישאַך, — אַלץ וואָס איז געווען און אַלץ וואָס איז דאָ — האָט געענטפֿערט דער ייִנגער ממונה.

— צי האָבן אונזערע אָבות, וואָס האָבן פאַר אים זוכה געווען צו היטן דעם אוצר, צי האָבן זיי אויך געשריבן אויף פּאַרמעטן? — האָט געפרעגט דער עלטסטער.

— ניין — האָבן געענטפערט די זקנים — זינט מיר געדענקען, האָט קיינער פון זיי אויף פּאַרמעטן נישט געשריבן.

און אַזוי האָבן די חכמים זיך בּאַראָטן דריי טעג מיט דריי נעכט. ערשט ווען דער מועזין האָט אויפן פערטן טאָג גערופן די גלויביקע צו שחרית, איז אָנגענומען געוואָרן:

אַז כּדי — צום פרייד פון אַלע גלויביקע, — אַז אין אוצר פון זיין הויכקייט, דעם פּאַדישאַך, זאָל פון היינט־אָן קיינמאָל נישט פעלן — זאָל מען אַרויסטרייבן דעם שרייבער.

און אַזוי איז געטון־געוואָרן.

און פון דעמאָלט־אָן האָט מען טאַקע אינגאַנצן נישט געהערט, אַז אין אוצר זאָל עפּעס פעלן...

## דער שטאַרבנדיקער קאַליף.

ווען דער קאַליף איז שטאַרק אַלט געוואָרן, האָט ער גערופן צו זיינע פיר באַגליבטע לייב-היטער: מעגעמעט, מעדזשיד, חאַסאַן און אַכמעד און צו זיי אַזוי געזאָגט:

— דינער מיינע געטרייע, גלויביקע און אַללאַ און זיין נביא מחמד. אַללאַ, וואָס איז איבער אונז וועט אַודאי מיר די טעג שענקען נישט לענגער ביז דער נייער לבנה. דערטראָגט דאַריבער צו מיינע טויבע אויערן אַלץ, וואָס עס רעדן מיינע נאָענסטע, זייער פרייד און טרויער.

— מיר האָרכן, האַר און קאַליף אונזערער, — האָבן זיך געבוקט צו דער ערד די פיר לייב-היטער און אַוועקגעגאַנגען איטלעכער זיין וועג כדי צו דערטראָגן זייער האַר, וואָס יעדע-דער האָט געהערט.

דער ערשטער איז געקומען מעגעמעט. ער האָט אַזוי געזאָגט:

— האַר אונזערער און קאַליף! איך האָב געהערט, וואָס עס רעדן דיינע צוויי זין, די ליכטיקע פּרינצן אָמאַר און איבראַהים. נאָר איך האָב מורא, אַז פאַר די רייד פון מיין צונג זאָלן מיינע עבדים אין תפיסה נישט פאַרפוילט ווערן.

— אויב אמת זענען דיינע, רייד — האָט דער סולטאַן געזאָגט — וועט דיר קיין האָר נישט געמינערט ווערן און דו וועסט נאָך אַ שיינע מתנה קריגן.

— איך שווער אויף דער באָרד פון נביא, אַז מיין צונג זאָגט נישט קיין ליגן, — האָט מעגעמעט געענטפערט, — און מיט אַ ציטער אין קול דערציילט, ווי די צוויי זין האָבן זיך שוין מיט דער מלוכה געטיילט און זיך איבער ירושה געקריגט.

א ציטער איז אַריבער איבער די לייבער פון אַלע ווזירן. שוין האָבן עטלעכע געזען זיידענע שנירן פאַר די צוויי פרינצישע העלזער... אַנדערע ווידער, דעם אַרויסגעשלעפּטן צונג פון מעגעמעט...

נאָר דער סולטאַן האָט גוטמוטיק אַ שמייכל געטון און צום גרעסטן ווינדער פון אַלע ווזירן אַזוי געזאָגט:

— אַלט בין איך, און געצעלטע זענען מיינע טעג. און שיינע זענעןביידע פרינצן און יונגע, — איז וואָס איז דער ווינדער, אַז זיי דורשטן נאָך הערשאַפט... נאָר כדי זיי זאָלן זיך נישט קריגן, וועל איך אַליין צווישן זיי די קרוין צעטיילן. — און צו זיין גרויס פרייד האָט מעגעמעט נאָך געקריגן אַ זיידן בלוי מאַנטל מיט אַ רויטן גאַרטל פאַר אַ מתנה.

דער צווייטער איז געקומען מעדזשיד און ער האָט אַזוי געזאָגט:

— שלעכטע זענען די רייד, — האַר און קאַליף, — וואָס דיין קנעכט מוז איצט רעדן, נאָר ריינער אמת איז דאָס אָבער...

— וואָס האָסטו אַזעלכעס געזען, זאָג! —האָט באַפוילן דער קאַליף.

— אַמער וואָלטן מיינע אויגן דאָס נישט געזען, — האָט געביטערט דער לייב-קנעכט. — עס האָט דיין באַגליבטער

נאַיִב*) די קרוין באַגנבעט, די טייערסטע איידל־שטיינער ארויס־געגומען און אויף זייער אָרט געפעלשטע אַריינגעזעצט — אַזוי ווי נאָר ער האָט דערהערט פון דיינע געציילטע טעג.

און ווידער איז אַ ציטער אַריבער איבער די וויזורן, אַ סך האָבן שוין געזען דאָס אויספירן פון גערעכטיקייט איבערן לייב פון נאַיִב אין אַ פאַרבינדענעם זאַק...

נאָר דער קאַליף האָט אַזוי געזאָגט: גרויס איז די גייציקייט פון מענטשן, וואָס פאַרשטעלט אים די תליה, וואָס ענגט איבער זיין קאָפּ. נאָר געציילטע זענען מיינע טעג, און רחמים האָט דער קאָראַן. גייט צו מיין נאַיִב און זאָגט אים, אַז די איידל־שטיינער שענק איך אים פאַר אַ מתנה.

דער קאַליף האָט שוין אַזוי שוואַך גערעט, אַז קוים וואָס מע׳ האָט אים געהערט. און ווען עס איז שטיל געוואָרן האָבן אים די רופאים געגעבן די לעצטע רפואות.

אויפן דריטן טאָג איז דער דריטער שליח, — חאַסאַן — געקומען, וואָס האָט דערציילט, אַז פון אוצר איז אַ העלפט געבליבן, און אַז דער ערשטער וויזיר, דער אַלטער קעמאַל, האָט צו זיך אין קעלער זעק מיט רענדלעך אַראָפּגעשטעלט.

— זאָג אים, דעם אַלטן נאַר, אַז ער וועט קיין העלפט דערפון נישט אויפעסן... און אַ זיידענער שנור וואָלט אַוודאי ראי־געווען פאַר זיין גרויען קאָפּ, ווען נישט מיינע שעהן, וואָס זענען געציילטע. לאָמיר קומען צו אַלאָס משפט מיט גוטע מעשים.

און דער כּולטאַן האָט אָפּגעזיפצט און צוגעמאַכט די אויגן. און ווען די רופאים האָבן שוין געציילט זיין לעצטן אָטעם, איז געקומען דער פערטער, אַחמעד, צולויפן אַ פאַרסאַפּעטער.

*) נאַיִב — שני־למלך.

האָסט שוין פּערשפּעקטיק – האָט געזאָגט דער עלצטער רופא – נאָך איין מאָל וועט זיין הויכקייט דעם אָטעם אַ צי־טון און צו אַללא וועט זיין ריינע נשמה אַרויף.

נאָר דער מופטי*) אָבער, וואָס האָט געלייענט דעם קאראַן פאַרן גוסס האָט זיך אָפּגערופן:

– עס בוז אויסגעפּירט ווערן דאָס געבאָט פון זיין הויכ־קייט, אַזוי ווי זיין אַלמעכטיקער ווילן איז געווען: דערציילן, קנעכט, וואָס דו האָסט געהערט און געזען.

– מען זאָגט,– האָט אחמער גערעדט אַ דערשראָקענער,– אַז דער יונגסטער פּרינץ, ראַחים, האָט אַ קוש־געטון די אַכצן־יעריקע שוואַרצאויגיקע סולייקע, די באַליבסטע אָדאַליסקע פון זיין הויכקייט...

פּלוצלונג האָט דאָס טויטע פּנים פון קאַליף אַ ציטער געטון... און די שטאַרבנדיקע ליפּן האָבן מיטן לעצטן אָטעם אַרויסגערעדט.

– קעפּן זאָל מען אים..

*) מופטי — אַ הייליקער.

## די געליבטע פון פּאַדישאַך.

א נאַכט אַ פינסטערע האָט גערוט און איינגעהילט אין זיך די הויכע מינאַרעטן און קופּאָלן פון מוראדיקן פּאַדישאַכס פּאַלאַצן. שוין לאַנג ווי אַלע גלויביקע זענען געווען איינגעטון אין טיפן שלאָף, ווען אויף די גאַסן איז עמיצער אַרומגעגאַנגען איינגעהילט אין זיין גרויסן טורבאַן. און ווייל די וועכטערס זענען אויך געשלאָפן, האָט אים קיינער נישט געשטערט אין זיין גאַנג. און געגאַנגען איז דער מענטש צום פּאַדישאַכס פּאַלאַץ. נאָר וואָס נענטער ער איז געקומען צום פּאַלאַץ אַלץ וואַקלדיקער זענען זיינע טריט געוואָרן. אַזוי ווי שטיינער וואָלט אים אין זיין וועג געשטרויכלט. פּלוצלונג האָט ער אָנגעקלאַפּט אין אַ טירל אַריין.

— ווער ביסטו דאָרט אַזוי שפּעט ביינאַכט? האָט מען געפרעגט פון אינעווייניק.

— איך, חסד. איך גיי אַרום און זוך וועמען, וואָס זאָל מיר העלפן ביי זיין ליכטיקייט דעם פּאַדישאַך. אַ טובה דאַרף איך פאַר אַ רעכטגלויביקן. דאָס ביסטו יושר?

די טיר האָט זיך געעפנט און פון אינעווייניק האָט אַ קול געענטפערט:

— נישט חסד און נישט יושר קאָנען זיך ווייזן פאַרן פּאַדישאַך. איך בין אַ מאָל געווען ביים פּאַדישאַך אַ גאַנצער תּושב, בין איך אַלט געוואָרן, האָט מען מיך פון דאָרט אַרויס-געוואָרפן. היינט זיצט דאָרטן אַ יונגער יושר. אַ נייער יושר. און מיין טריט וואָלט שוין דעם וועג נישט דערקענט.

— טאָ ווי גייט מען און וועמען נעמט מען צום פּאַדישאַך, וואָס זאָל פאַר אים רעדן? האָט חסד געפרעגט.

— נעם רחמנות, זי איז אַמאָל געווען אין הויף... — האָט יושר געזאָגט.

— וואו וואוינט זי אָבער היינט, ווייס איך גאָרנישט — האָט חסד טרויעריק געענטפערט.

— ביי צום ים. ביי די וואַסערן פון „גילדענעם האָרן" שטייט אַ געצעלט וואו עס וואוינט אַן אָרימער אייזל-טרייבער, וואָס האָט אַ בלינדע מאַמע און אַ שטומען הונט און אַ יתומה פון זיין געשטאָרבענעם האַר. אָט ביי אים וואוינט זי.

איז חסד אַהין געגאַנגען און געטראָפן אַלע שוין שלאָפן אויסער דעם אייזל-טרייבער, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט זיך אַהיים געקערט פון זיין אַרבעט. בלויז איין פרוי האָט געוואַכט איבער די שלאָפנדיקע.

— דו ביסט עס, רחמנות? איך דאַרף דו זאָלסט זיין ביים פּאַדישאַך — האָט חסד געזאָגט.

— איך, ביים פּאַדישאַך? — ווער ביסטו דאָס איינער, וואָס דו ווייסט גאָרנישט וואָס דו ווילסט. דו זע מיינע קליי-דער, מיט אַזעלכע לאָזט מען נישט אַריין אין ערשטן הויף, און זע מיינע אויגן די פאַרוויינטע — דער פּאַדישאַך האָט דאָס נישט ליב — זע מיינע הענט, אָדערדיק זענען זיי כאָטש אַזוי

יינג און מיינע ברוסטן, וואָס האָבן אַזוי פיל פרעמדע קינדער געשפּייזט — איך ביים פּאַדישאַך?

— טאָ צו וועמען גייט מען? — האָט חסד געפרעגט.

— גיי אפשר צו שכל. ער קאָן אַמאָל יאָ אויפטון.

— וואו וואוינט ער היינט?

— ער וואוינט שוין היינט צווישן פשוטן פאָלק, אַפילו צווישן קעמל-טרייבערס.

איז חסד געגאַנגען און געפונען שכלן דרימלענדיק אויף אַ האַרטער באַנק.

— איך דאַרף זאָלסט זיין מיט מיר ביים פּאַדישאַך.

— כע-כע, דו האָסט מסתמא וויין געטרונקען, האָט שכל בייז געענטפערט: זינט אַללאַ האָט די וועלט באַשאַפן איז נאָך אַזעלכער ווי איך ביים פּאַדישאַך נישט געווען! און ווי האָב איך אַ פּאָר סאַנדאַלן צום גיין? אמת, איך בין אַמאָל געווען צווישן הויכע לייט, אָבער ווען איז דאָס געווען? — היינט ווען מען טרעפט מיך אויפן הויף, וואָלט דאָרט אַן איבערקערעניש געוואָרן! ווייסטו דען נישט, דו נאַכט-וואַנדערער, אַז אַלע תפיסות שטייען פאַר מיר אָפן אין גאַנצן לאַנד. ערשט אַ פשיטא ווען איך באַווייז זיך אין הויף?

— טאָ צו וועמען גייט מען? — האָט חסד געפרעגט מיט געבעט.

— גיי צום רחמנות. זי טוט אַמאָל עפּעס אויף אין די הייפן.

— היינט ליידט מען זי נישט.

— איז אפשר צו יושר. ער וואוינט אונטערן פאַרקן פון פּאַלאַץ.

— יאָ, אָבער איך פאַרנעץ קומט זיין בוס נעבעך פון כמה יאָרן.

— ווייס איך נישט — האָט ער געענטפערט מיט גרויס צער, און חסד איז פאַראומערט אַוועקגעגאַנגען.

און ווי ער איז אַזוי געגאַנגען האָט אים פּלוצלונג ווער אָפּגעשטעלט :

— וועד ביסטו דאָס, וואָס דו דרייסט זיך אַרום ביינאַכט אין די הוילע גאַסן און האָסט נישט קיין אָרט צווישן מענטשן?

אַזוי האָט געפרעגט דער וועכטער וואָס האָט געהיט די גאַס.

— איך בין חסד. איך זוך וועמען, וואָס זאָל מיט מיר גיין צום פּאַדישאַך אַ טובה בעטן.

— דו מוזט זיין נישט קיין היגער, — אָדער אַ יונגערמאַן נאָך, האָט געשפּאָט דער וועכטער. — אום סוף זע איך לויט דיינע קליידער, אַז דו ביסט פון דאַנען און לויט דיין לאַנגע באָרד, אַז דו ביסט שוין אין די יאָרן. — ווייסטו דען נישט, וואָס פּאַר אַ טויערן עס רינגלען אַרום זיין הויכקייט, אַז קיינער זאָל אים אַפילו נישט אָנקוקן פון ווייטנס? און ווייסטו דען נישט וויפל וועכטער עס דרימלען נישט מיט קיין אויג אין דער נאַכט. נאָר באַוואַכן די ווענט, אַז קיין לעבעדיקער זאָל זיך נישט דערנענטערן צו זיי. און דו ווילסט אָנקומען צום פּאַדישאַך? — וויפל האָסטו דען גאָלד, אַז זאָלסט קאָנען קומען מיט אַ מתּנה? אָדער וואָס איז דיין חכמה אַנטקעגן זיינע חכמים און וואָס איז דיין גבורה אנטקעגן זיינע גבורים, אַז זאָלסט קאָנען ביי אים חן געפינען?

— האָט קיינער נאָך קיין חן ביים פּאַדישאַך נישט געפונען — האָט חסד נ פרויטיקער געפרעגט — וואָס זאָל קאָנען אָנקומען צום פּאַדישאַך?

— קיינער, אויסער איין פרוי.

— אַזאַ רייכע? — האָט חסר געפרעגט.

— ניין. זי קומט בלויז אין רייכע הייזער.

— איז זי אפשר אַזאַ שיינע, אַ יונגע?

— ניין. זי איז שוין גענוג אַלט און מיאוס, אָן ציין אפילו.

— נו, מיט וואָס קומט זי דאָס אַזש צום פּאַרישאַך אַליין? — האָט חסר געפרעגט נאָך מער פאַרוואונדערט.

— מיט איר שמייכל... דאָרט טיף אין געסל וואוינט זי, און זי וועט דיר פירן גלייך צום פּאַדישאַך.

— און ווי הייסט זי די, וואָס האָט אַזאַ וואונדערלעכן שמייכל. ווי רופט מען זי? — האָט חסר געפרעגט.

— חניפה הייסט זי, — האָט דער וועכטער געענטפערט...

## דאָס ליד פון יונגן קעניג.

דער יונגער פּרעה, וואָס האָט זיין פאָטער, דעם געטלעכן מער־ראַמסעס דעם ערשטן ביים לעבן נישט געקאָנט, פלעגט מיט פאַרוווּנדערונג זיך צוהערן צו די אַלטע הויך־ און וויל־געבוירענע, וואָס פלעגן אים דערציילן פון זיין געטלעכן פאָטער, וואָס האָט געהערשט צום לויב פון אַ האַלב יאָרהונדערט און האָט זיין נאָמען פאַראייביקט אויף דור־דורות.

— אָט זעסטו יענעם טורעם, וואָס דערהייבט זיך און גרייכט אין הימל אַריין — דאָס האָט דיין פאָטער — זיין נשמה אין גן־עדן — געבויט: זע די מויער־ווענט און זע די פעלזן־שטיינער פון זיינע פונדאַמענטן!

— און וואָס איז דאָס פאַר אַ געוואַלטיקע געביידע און צו וואָס האָט איר מיין פאָטער זיין הייליקייט מער־ראַמסעס געבויט? — האָט דער יונגער קעניג געפרעגט.

— דאָס איז די שטאַרקסטע תּפיסה פון גאַנצן לאַנד — יונגער האַר אונזערער — האָבן די זקנים געענטפערט — נאָך ביזן היינטיקן טאָג וואַלגערן זיך דאָרטן אַזעלכע, וואָס האָבן געוואַגט די פאַרע פון זייערע מיילער אַרויסצולאָזן אַנטקעגן דיין פאָטער — אַזאַ מלך איז דאָס געווען! אָט זע די אויפשריפט אויפן מיטלסטן טורעם, וואָס לויטעט: אַ ז ע כ צ י ק ט ו י ז נ ט זעק זאַלץ האָבן אויפגעגעסן קנעכט ביים מויערן

די ווענט און צען טויזנט רענדלעך האָט געקאָסט פאַר זיי בייטשן...

האָבן געקוקט די אַלטע אַפּוטרופּסים אויפן פּנים פון יונגן קעניג: פרייד האָבן זיי געזוכט אויף זיינע ראָזע באַקן און אַ גלאַנץ אין זיינע אויגן, נאָר פאַרווונדערט איז געווען בלויז דער יונגער קעניג, און אַ וואָלקן האָט אויף זיין שטערן גערוט

נאָר ווען דער יונגער קעניג פלעגט אַליין בלייבן, פלעגט זיך זיין פּנים ווידער אויסלייטערן, זיין בליק פלעגט ווערן פריי און העל און אויף זיינע ליפּן פלעגט אַ גוטער שמייכל זיך באַווייזן. דען קיין זאַך האָט ער נישט אַזוי ליב געהאַט, ווי בלייבן אַליין.

ער פלעגט דעמאָלט ריכטן זיינע טריט צום האַלב-טונקעלן טראָן-זאַל, וווהין די בייכיקע אַפּוטרופּסים זיינע, וואָס זענען אים שטענדיק נאָכגעגאַנגען און געלערנט אויף שריט און טריט, פלעגן נישט נאָכקומען: אַזוי האָבן זיי געדענקט דעם געטלעכן פּרעהס גנעדיקע הערשאַפט, אַז אַפילו זיין שטיינערנע ענלעכקייט, וואָס איז געשטאַנען אין טראָן-זאַל אויסגעהאַמערט פון האַרטן מירמלשטיין האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַן אימת-מות. — פלעגן זיי אַהער נאָכן יונגן קעניג נאָכשיקן דעם אַלטן הויף-נאַר.

און דער יונגער פּרעה פלעגט דאָ באַטראַכטן דאָס ערנסטע געשטאַלט פון זיין גרויסן פאָטער, זיינע צוזאַמענגעוואַקסענע ברעמען און זיין אָדלערשן בליק און אַריינקוקן אין די אַרכיוון, וואָס זענען דאָ פאַרשטויבטע באַהאַלטן געווען און וואָס זענען פול געווען מיט לאַנגע רייען ציפערן, האַרטע באַפעלן און רויע ראַפּאָרטן, ענלעכע איינס צום צווייטן און וואָס האָבן זיך אונטערגעשיידט בלויז לויט די טעג און יאָרן, מיט וואָס זיי זענען געווען זאָרגפעלטיק פאַרזען.

און דעם יונגן קעניג, וואָס אויסער זיין גוטסקייט איז ער אויך געווען אַ קלוגער און אַ ווילגעלערנטער, האָט גע-ווונדערט, וואָס קיין איין ליד באַזינגט נישט זיין פּאָטערס מעשים, וואָס קיין איין לעגענדע דערציילט נישט פון זיין לויב, נאָר בלויז אָט די פאַרשטויבטע און פון מילבן צעפרעסענע פּאַפּירוסן מיט חשבונות פון זעכציק טויזנט זעק זאַלץ, וואָס עס האָבן אויפגעגעסן קנעכט ביי דער אַרבעט און פון צענטויזנט רענדלעך, וואָס האָט געקאָסט פאַר זיי בייטשן.

און דער אַלטער הויף-לץ, וואָס איז טריט ביי טריט נאָכגעגאַנגען נאָכן יונגן קעניג, האָט געקלונגען מיט די שליסלען און נאָכגעציילט, ווייזנדיק אויף די פאַרשלאָסענע קופערן פון די אַרכיוון און אונטערגעזאָגט:

— אָט דאָ, יונגער האַר אונזערער, איז זעכציק יאָר אַלט געווען דער מאָנאַרך; אָט דאָ פופציק, און דאָ שוין גאָר פינפ-אונפערציק... כי-כי-כי... אַלץ געדענקט נאָך דער אַלטער לץ.

און דער יונגער קעניג האָט ווי פאַר זיך גערעדט:

— קיין איין מסורה, קיין איין לעגענדע, קיין איין ליד איז נישטאָ, וואָס זאָל באַזינגען אָדער דערציילן פון מיין פּאָטערס גנעדיקער הערשאַפט און פון זיינע גרויסע טעג. הויף-לץ, דו קלוגער פוקס, האָט דען דאָס פאָלק נישט פאַר-געטערט מיין פּאָטערס מעשים? אָדער צי דען זענען קיין הויפישע פּאָעטן ביי מיין טאַטנס שטול נישט געווען?

— כי-כי-כי... האָט ווי זיין שטייגער געלאַכט דער הויפישער לץ — אַלץ איז דאָ. עס זענען לידער אויך דאָ—נאָר דאָס מוז מען שוין זוכן אַזש אין ערשטן קופער, וואָס איז איינגעמויערט אין בלויען זאַל און וואָס דער מאָנאַרך האָט אים פאַרשלאָסן אויף זיבן קופערנע שלעסער. — אַכצן יאָר איז

דעמאַלט דער מאָנאַרך אַלט געווען, ווען ער האָט זיי שרייבן געהייסן. כּי-כּי-כּי...

פלעגט דער יונגער קעניג דערנאָך לאַנג בלאָנדזשען איבער די וועלדער, און אַ גענאַנג פלעגט אָפּשאלן איבער די גערדיכטע גרינע קרוינען. נאָר די אפּוטרופּסים, וואָס פלעגן אים היטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, פלעגן אים באַלד אויסגעפונען.

– דיין פאָטער, אונזער האַר און געביטער, זיין נשמה אין די היכלות פון אָזיריס – פלעגן זיי אים דעמאָלט מוסרן– איז קיינמאָל נישט געבליבן אַליין, שטענדיק געהאַט באַגלייטער, דען עס טאָר אַ קיסר אַליין נישט גיין.

וואָרים בסוד האָט מען שוין דערציילט, אַז אַ ליד זינגט דער יונגער קעניג, וואָס דאָס לאַנד האָט שוין זייט יאָרן נישט געהערט – אַ פרייהייטס-ליד...

און די אַפּיטרופּסים, וואָס האָבן באַלד אַלץ דערהערט, כאָטש צום מייסטן שוין טויבע געווען, האָבן זיך גערעדט אין די האָריקע אויערן אַריין:

נישט ווי אין פאָטער, זיין נשמה אין גן-עדן, וועלן מיר האָבן אַ הערשער אין זון – מען זאָגט, ער זינגט גאָר דאָס פרייהייטס-ליד!..

– עס סודן זיך שוין די קנעכט אינדערשטיל – אַ האַר אַ גוטער – זאָגן זיי, שטייט אויף איבער אונז, וואָס זינגט אַליין דאָס פרייהייטס-ליד.

- וויי איז אונז, וויי איז אונז – האָבן אַלע אין כאָר געביטערט – נישט אָפּטרעטן טאָר מען פון דעם יונגן לאָטאָס, עס קאָנען אים אַלע ווינטן אין זייערע זייטן בויגן: עס שפּראָצט דאָך צומאָל נאָך אים נישט קיין בערדל אַפילו...

*
*

און עס איז געקומען דער טאָג, ווען דער יונגער קעניג האָט באַדאַרפט די קרוין אויף זיין קאָפּ אָנטאָן. דען די יונגע באַקן זיינע האָבן זיך באַדעקט מיט אַ שפּראָצונג פון באָרד און וואָנסעס, און דאָס קול זיינס איז געוואָרן, ווי דאָס קול פון אַ מאַן.

האָבן די העראָלדן אויפגעשאָלט דאָס גאַנצע לאַנד.

האָבן די וועבער אין איילעניש געשפּינען די בראָקאַטענע בגדים, און די גאָלד-שמידן האָבן אויסגעפּאַסט די אַלטע קרוין מיטן גרין-גאָלדענעם אורעאוס — דער סימבאָל פון לאַנד מצרים.

און אין דעם טאָג האָט דאָס גאַנצע פאָלק זיך פאַרן קיסערס פּאַלאַץ פאַרזאַמלט. און געקומען זענען פון האַרן גראָב-בייכיקע און אין גאָלד-געצירטע ביזן לעצטן שיפער-יונג פון נילוס — הערן, וואָס דער יונגער קיסר וועט זאָגן זיין פּאַיִק — ווי דער מנהג איז פון דורות — ביים קרוינען.

און דער יונגער קעניג האָט געריכט זיינע טריט אין בלויען זאַל אריין. זיינע אויגן, וואָס האָבן געגלאַנצט פון גליק האָבן איצט פון דער הויך געזען די שורות געבויגענע רוקנס פון די קנעכט אונטער די בייטשן,—האָבן זיי פאַרבערענט מיט אַ פאַרלאַנג:

— באַפרייען! אָט פאַר די טויזנטער וועט ער באַלד ווערן דער קיסר-באַפרייער... האָט ער באַפוילן ברענגען די שליסלען פון די זיבן קופערנע שלעסער פון ערשטן אַרכיוו-קאַסטן.

ביים צערעמאָניע-מייסטער האָט די אונטערשטע ליפּ ציטערן גענומען:

— אָט דאָ האָסטו, יונגער אָזיריס, דעם מאַניפעסט, דיין אייגן-העגטיקן, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון „ראט פון צוועלף״ און איז אַדורכגעקוקט און אויסגעבעסערט געוואָרן פון „ראט פון זיבן״, און איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער געהיימער זיצונג פון „ראַט פון דריי״—דיין אייגן-העגטיקער מאַניפעסט, וואָס דו וועסט באַוויליקן צו לייענען פאַרן פאָלק.

נאָר ווי, וואָס ס׳איז געשען! דאָס לשון איז פאַרגליווערט געוואָרן ביי אַלע הארן אויפן צונג פאַר מורא און חרפה: דער יונגער קעניג האָט פאַרן גאַנצן פאָלק געלייענט דאָס פרייהייטס-ליד.

און אַן אימה איז געפאַלן אויף די האַרן, און אַ פחד און אַ צאָרן האָט אַרומגענומען די פריסטער.

— ווי איז אונז, האָבן די סענאַטאָרן געביטערט—אַ קעניג וואָס גיט פרייהייט קנעכט — קנעכט!..

און אַנדערש וואָלט געווען דער גורל פון יונגן קעניג; דען שווערדן האָבן זיך שוין אַ הויב געטאָן אין לופטן און די גלאַנציקע העק און שפיזן האָבן זיך אַ נייג געטאָן צו דער זייט, ווו עס זענען געשטאַנען די קנעכט, — ווען נישט דער אייביק שמייכלדיקער אַלטער לץ. הארט לעבן דער רעכטער האַנט פון יונגן קעניג איז ער איצט געשטאַנען, געשאָקלט מיט זיין ציגן-בערדעלע, און מיט זיין הייזעריק שטימעלע אַלע קולות איבערגעשריגן:

— נישט שרעקט אייך, בייכיקע, נישט טרויערט, איידעלע, עס איז דאָס ליד פון יונגן קעניג — פון י ע ד ן יונגן קעניג.

און די חכמים, וואָס קענען זיך אויף כתב, האָבן צום גרויס וווּנדער זייערן געזען און דערקענט אין דעם כתב די האַנט פון אַלטן קעניג, וואָס ער האָט געשריבן אין דער יוגנט און וואָס ער האָט אַליין דערנאָך פאַרשלאָסן אויף זיבן קופערנע שלעסער. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* *
*

און אין יאָרן אַרום איז אויפן מיטלסטן טורעם פון דער תּפיסה, וואָס ס׳האָט געבויט דער קעניג מער-ראַמסעס דער צווייטער אויפגעשריבן געווען, אַז הונדערט און צוואַנציק טויזנט זעק זאַלץ האָבן אויפגעגעסן קנעכט ביי דער אַרבעט און צוואַנציק טויזנט רענדלעך האָט געקאָסט פאַר זיי בייטשן.

## אַללאַ אויף דער ערד.

**א**ללאַ האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד.

טויזנטער שטערן זענען אין דער רגע זיך צעפלויגן איבערן הימל און טויזנטער רויזן האָבן זיך צעבליט אויף דער ערד. די פייגל אויף די ביימער האָבן אַ זינג-געטאָן איטלעכעס מיט זיין געזאַנג און געשיקט אַ לויב... און אַלץ, וואָס עס ווידמעט זיך אויף דער ערד האָט דערפילט די נאָענטקייט פון אַ גרויסע פרייד. און אַללאַ, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרויסן טורבאַן האָט זיך מיטאַמאָל געפינען צווישן שמעקנ-דיקע בלומען און בקעטער.

האָט אַללאַ אַ שמייכל געטאָן: אַזוי שיין איז אים איצט די ערד געפעלן געוואָרן, אַזוי שיין ווי אין די ערשטע טעג פון איר באַשאַפונג. דען אויף איצט זענען געשטאַנען הויך-קעפּיקע פּאַלמען און פאַרשטעלט די זון מיטן פייכטן שאָטן פון זייערע פעכערס, און די לאָטאָס-בלומען האָבן זיך אַזוי געשאָקלט אין ווינטל איבערן בלויעכן וואַסער — אַזוי ווי אין די ערשטע טעג...

האָט אַללאַ געהערט דעם לויב, וואָס ס׳האָט אים געשיקט דער פויגל פון בוים, דער וואָרעם פון גראָז און אַפילו די פּראָש פון סטאַוו און הנאה געהאַט פון גרויסן ווערק, וואָס ער האָט מיט אַזויפיל חכמה באַשאַפן.

— ווי שיין, ווי וואונדערשיין... — האָט אַללאַ זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן, אַזוי איז אים די ערד געפעלן געוואָרן.

פלוצלונג האָט ווער אַ רוף געטאָן און אַללאַ האָט זיך אומגעקוקט.

פאַר אים איז געשטאַנען אַ מענטש מיט א בייז פּנים און מיט דער האַנט אויף זיין יאַטאַגאַן. האָט אַללאַ צוגעלייגט די האַנט צום שטערן און צום האַרצן, באַגריסנדיק דעם מ ע נ ט ש ן,— די קרוין פון זיין באַשאַפונג. נאָר דער מענטש האָט נישט געענטפערט. פאַרקערט, ער האָט נאָך בייז אַ פרעג געטאָן:

פונוואַנען קומסטו אַהערצו, דו שלעפער איינער, אין פאַרמאַכטן סולטאַנס גאָרטן אַריין? דו מוזט זיין דער גרעסטער גנב אינגאַנצן לאַנד, אַז האָסט געקאָנט אַהער אַריין, נישט באַמערקט דורך די אייביק וואַכנדיקע שומרים? וואָס פאַר אַ העזה האָסטו געהאַט אַהער אַריינצוקומען, ווייסטו דען נישט, אַז דיין לייב מוז פאַרפוילט ווערן אין תּפיסה פאַרן אַריבערגיין בקויז דעם ערשטן טויער?

— וואָס רעדסטו, גלויביקער, וואָס ברענגסטו אויף דיין צונג? — האָט אַללאַ זיך שטאַרק פאַרוואונדערט — זעסטו דען נישט אַליין ווי שיין דאָ איז, ווי שטאָלץ עס שטייען די פאַלמען, ווי רואיק עס שווימען די שוואַנען און ווי מילד עס פאַלט דער שאָטן אין דער גרעסטער היץ פון טאָג. זע, צי לויבט נישט אַלץ דאָ אַללאַ זיין באַשעפער, און צי וואָלט נישט גוט געווען, ווען אַלע זאָלן קענען אַהער קומען און זען די וואונדער פון אַללאַס ווערק, וואָס לעבט אייביק אין אַלע דורות און וואָס האָט די וועלט באַשאַפן פאַר אַלע?..

— נאַרישקייטן פּלוידערסטו! — האָט בייז געענטפערט דער מאַן מיטן שווערד—דו ביזט פון זינען אַראָפּ. צי ווייסטו

דען נישט, אַז פּוסט און וויסט איז אונדזער ערד, אַז זאַמד און שטויב איז דאָס אָרט פון אַלע און אַז אָט דער גאָרטן געהערט בלויז אונדזער סולטאַן — אַ ברכה אויף זיין קאָפּ—ווען אַללאַ האָט געגעבן די קרוין — שוין גייסטו מיט מיר אין תּפיסה, ווי דיין צונג וועט מער אַזעלכע נאַרישקייטן נישט רעדן פאַר די שופטים פון זיין גרויסקייט.—און דער שומר האָט אַללאַן גענו-מען פאַר די לאַצן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַללאַ איז פון אים באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן, צום גרויס פאַרווינדערונג פון שומר.

אַזוי איז אַללאַ געפלויגן איבער באַרג און טאָל.

איצטער האָט זיך אַללאַ איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס דער בייזער שומר האָט געזאָגט איז געווען אמת. ווייל קיין אָרט איז שוין נישט געווען אַזוי שיין ווי אין סולטאַנס גאָרטן: שיטער זאַמד און פאַרברענט גראָז האָט בלויז באַדעקט די ערד. פאַרשטויבטע קעמל-טרייבער האָבן געשריגן און געקריגט זיך איבער אַ לעק וואַסער, שייכן זענען געריטן אונטער חופּות אויף מויל-אייזלען, און הונגעריקע פעלאַכן האָבן געטראָגן קוישן טייטלען אויף די קעפּ אויפן שטאָטישן באַזאַר.

איז אַללאַ אַראָפּ אין פאַרביקן געטומל פאַרן טויער פון אַ שטאָט.

דאָ האָבן גילדענע קופּאָלן געגלאַנצט אין דער זון און הויכע מינאַרעטן האָבן ווי שלאַנקע פאַלמען זיך דערהויבן איבער די פלאַכע דעכער.

— „אַ לויב דיר אַללאַ, וואָס האָסט באַשאַפן דעם מענטש".

אַזוי האָט איצט פאַרנומען אַללאַ ווי עס האָבן געזונגען זיינע מלאכים אין הימל. דען פון דער הויך פון די מינאַרעטן

האָבן מועזינען געצויגן זייער רוף צו אַלע גלויביקע, צום לויב פון אַללאַ און זיין נביא מחמד:

— אַללאַ איל אַללאַ; אַללאַ אַקבאַר...

נאָר ווידער האָט דאָ ווער אַ צי געטאָן אַלאַן פאַרן אַרבל:

— אַ נדבה גיב, האָב רחמנות, גלויביקער, אין נאָמען פון אַללאַ...

אַזוי האָט זיך אָפּגערופן צו אַללאַ אַ מענטש, וואָס איז געווען דאַר ווי אַ שטעקן, קרעציק און העסלעך מיאוס. אַללאַ האָט אַ קוק געטאָן און זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרומט פון צער און עקל.

— אַ ביסן ברויט צו דערהאַלטן ס'חיות, אַזוי לאַנג ווי אַללאַ שענקט מיר דאָס לעבן...—איז נישט אָפּגעטרעטן דער בעטלער.—זע, איינגעדאַרט איז מיין בויך ווי אין חודש ראַמאַזאַן און איינגעשרומפּן זענען מיינע געדערם. אַ ביסן ברויט, עלהיי דו וואַרפסט דיין הונט, גלויביקער, אין נאָמען פון אַללאַ...

און דער מענטש האָט געקושט די זוימען פון אַללאַס קלייד און דעם שטויב פון זיינע סאַנדאַלן, בעטנדיק אַ ביסן ברויט...

דאָ איז אַללאַ צוריק אַרויף אויפן הימל, און פליענדיק האָט ער געקלערט, אַז שיין וואָלט געווען די ערד—אָן מענטש. האָט אים באַגג געטאָן, וואָס ער האָט באַשאַפן דעם מענטשן, וואָס לעסטערט אַללאַ מיט זיין דערהויבנקייט און נאָכמער מיט זיין געפאַלנקייט.

## די ליאַלקע פון מעריב.

אבדול־האַסאַן איז געווען אַ סוחר און אַנטיקוואַר פון באַגדאַד די שטאָט פון שיינקייט און פרייד. און ליב געהאַט האָט דער סוחר אבדול־האַסאַן אַלע טאָג, נאָך מיטאָג, אַרומ־צוגיין אויפן באַזאַר, וואָס פלעגט אויסזען אין די שעהן ווי אַ פאַרביקער בינשטאָק: עס זענען פאַרשמייעטע אַרומגעלאָפן סוחרים, וואָס האָבן אויפן קול אויסגעשריען בלויז מציאות, אַנדערע ווידער זענען רואיק געזעסן — האַלב־שלעפעריקע, פאַר די טירן פון זייערע קרעמלעך און פויל געצויגן זייערע לאַנגע נארגילייעס; שלאַנגען־פאַרשפרעכער האָבן מעלאַנכאָליש געשפילט אויף זייערע „פוניעס״ און די גיפטיקע עקדישן האָבן געטאַנצט מיט זייערע גרינע קעפ; מעשיות־דערציילער האָבן פאַר אַן עולם דערציילט די וואונדערלעכע מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט און בלינדע זינגערס, כאדזשיס, האָבן באַזונגען די הייליקע וואַנדערונג קיין מעקאַ, די שטאָט פון גלויבן און טרייסט. עס האָבן זיך געדרייט דאָ טערקן אָפּגעריסענע, וואָס האָבן פאַר־קויפט גנבות, הינדוסן, וואָס האָבן פאַרקויפט העלפן־ביין און סתם גלויביקע מיט צאָרעפגערוקטע טשאַלמעס, וואָס האָבן פאַר־קויפט נישט איינמאָל די טייערסטע זאַכן פאַר אַ פּאָר מטבעות.

און דער סוחר אבדול-האַסאַן האָט שוין דעם טומל געקאָגט:
פלעגט ער צו די טערקן ריידן מיט איין ווינקענדיק אויגל און צו די אַראָפּגערוקטע בכבודיקע טשאַלמעס פלעגט ער פרום שאָקלען מיט זיין לאַנגער באָרד. דען געווען זענען דאָס צוממיינסטן הויפּישע, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם חן אין די אויגן פון זיין הויכקייט דעם סולטאַן און פלעגן פאַרקויפן זייער אַמאָליק צירונג פאַר טעגלעך ברויט.

אין אָט אַזעלכן האָט איצט אַבדול דערזען, וואָס איז ווי אַ פּ־עמדער געשטאַנען אינמיטן טומל פון די הענדלער-קולות. פון זיין מאַנטל, וואָס איז געווען שוין זייער אַלט און צעריסן, נאָר פון אַ גוטן זיידנס, האָט אַבדול באַלד דערקענט זיין אַמאָליק השובות און דערום אים געענטפערט אויף זיין פאַר-שעמט בוקן, פרעגנדיק:

— וואָס שטייסו דאָ, בכבודיקער מענטש, אויפן באַזאַר, וואָס איז נישט לויט דיין פנים דאָס אָרט?

— איך ווייס עס, מיין האַר, — האָט גערעדט דער מענטש — און אַללאַ זאָל דיך בענטשן פאַר דיין גוט אָפּשאַצן פון מענטשן, — נאָר די נויט צווינגט מיר, וואָס איך מוז דאָ פאַרקויפן אָט דעם אוצר, אָט די ליאַלקע פון מעריב-לאַנד, וואָס איז שיין ווי אַ גאָטס וואונדער.

און אַבדול, ווען ער האָט דערזען אָט די שיינע זאַך, האָט געמאַכט אַ גאָטס-פּאָרכטיק פנים און געזאָגט:

— מענטש, וועלכער גלויביקער קויפט היינט אַזעלכע זאַכן?

— אַזאַ שיינע זאַך האָט נאָך קיין גלויביקער נישט געזען — אַזוי זאָל אַללאַ נאָך אומקערן מיין חן אין די אויגן פון זיין הויכקייט אונדזער האַר און פּאַדישאַך — האָט דער פאַרקויפער זיך געשוואוירן. עס איז אַ ליאַלקע פון מעריב-

לאַנד, – און לאַנג דינגענדיק זיך האָט אַבדול באַצאָלט צוויי מטבעות און געקויפט די ליאַלקע.

און אַן אָוונט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטאָט באַגדאַד. און ווען פון די מינארעטן האָט זיך דערטראָגן דאָס זינגענדיקע קול פון די מועזינען, האָט דער פרומער סוחר אַבדול פּאָרזיכטיק אַוועקגעשטעלט די ליאַלקע צווישן אַלע טייערע חפצים פון זיין רייכן אַנטיקוואַריום און פרום געגומען דאַוונען. האָט אַבדול איצט הויך געלויבט אַללאַ און זיין נביא מחמד, וואָס דערטראָגן אים אַלע טאָג זיין ברויט און פילן אָן זיינע קאַסטנס מיט רענדלעך און שיקן אים זייער ברכה אויף אַלע וועגן, ווי ער טוט זיך נאָר קערן און ווענדן.

און צושליסנדיק זיין קראָם אויף שווערע שלעסער איז ער אַרויפגעגאַנגען אויפן פלאַכן דאַך זיינעם, געלייגט זיך אויפן דיוואַן און ווי אַלע פרומע מענטשן, באַלד רואיק אַנטשלאָפן געוואָרן.

איז אבדול אַזוי געשלאָפן ווי פלוצלונג האָט ער דער־הערט זייער אַ זיס דין קול, וואָס האָט אים שטיל געוועקט:

– אַבדול־האַסאַן, אַבדול־האַסאַן...

האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, און פאַרוואונדערט זיצן געבליבן. דען פאַר אים איז געשטאַנען אַ זייער שיינע יונגע פרוי. אירע האָר זענען געווען אַ באַזילבערטער פלאַקס און דאָס פנים יונג־טרויעריק מיט גרויסע בלויע אויגן, און אונטער דער לבנה, וואָס האָט האַלב אַפּערגעקוקט פון מעטשעט האָט זיך זיידיק צעלאָזט איר קלייד.

– ווער ביסטו דו איינע, וואָס ביסט געקומען ווען אַ פרעמדן מאַן און דערצו אָן אַ שלייער אויף דיין פנים? – האָט אַבדול פאַרוואונדערט געפרעגט.

— אַ פרעמדע בין איך, מיין האַר, אַ נישט-גלויביקע, האָט די פרוי געענטפערט, איך בין די ליאַלקע פון מעריב, וואָס דו, האַר מיינער, האָסט מיך היינט געקויפט פאַר צוויי מטבעות.

אַבדול האָט זיך אַרומגעקוקט. די לבנה האָט זיך באַהאַלטן אונטערן מעטשעט, פון גאַס האָט זיך קיין לעבעדיק קול נישט געהערט אויסער די וועכטערס טריט.

— ווי הייסט דיין בעל-הבית ביי וועמען איך האָב דיר געקויפט? — האָט אַבדול געפרעגט און זיך געטראַכט, אַז אַן אַנטיק איז שטענדיק ווערט צו וויסן פונוואַנען ער שטאַמט.

— מיין בעל-הבית איז אַ פּאַשאַ, מעגעמעט-פּאַשאַ, וואָס האָט אָבער פאַרלוירן דעם חן ביי זיין הערלעכקייט דעם סולטאַן.— האָט די פרוי געענטפערט.

— און וואָס ביסטו טרויעריק, ווייסטו דען נישט, מיין אוצר, אַז די גנעדיקע וויזירן און די הויף-לייט האָבן נישט ליב קיין טרויעריקע ליאַלקעס? האָט אַבדול שטיל גערעדט.

— איך בענק אַהיים — האָט די ליאַלקע געענטפערט, — פון אַ וווייט לאַנד בין איך, פון אַ מעריב-לאַנד. עס פליסט דאָרט דער דונאַי, עס שטייען כאָפּאָלן, עס שטייען סאָסנעס, און דער שכאָרך, וואָס וואוינט ביי אונדז אין גאָרטן דערציילט מיר אַלע יאָר, אַז נאָך שטייט דאָרט מיין ליבער, קוקט צו מזרח און בענקט נאָך זיין שיינער ליאַלקע. און עס רוישן די סאָסנעס און עס פליסקעט דער דונאַי און מיין ליבער קוקט און בענקט... און פליט אַוועק דער שטאָרך קומט אַרויס מיין פירשט און קוקט צו מזרח וואו איך בין פאַרשוואונדן. און ווען ער קערט זיך אום צו אונדז אין גאָרטן דערציילט ער, אַז ביי פּאַשאַ אונטער אַ קריסטאָלענעם פענסטער שטייט זיין

ליאַלקע, לאָזט אַראָפּ מיין פירשט דעם קאָפּ, קוקט אין דונאַי און שווייגט.

– ס׳האָט דיך דען דיין האַר פאַרקויפט? – האָט אַבדול געפרעגט.

– ניין, גערויבט האָט מען מיך. עס איז דער סולטאַן מיט זיין חייל צו אונדזערע גרעניצן געקומען – האָט די ליאַלקע געוויינט.

האָט אַבדול געשאָקלט מיטן קאָפּ:

ווייט איז דער דונאַי, קינד, און אָרים איז דיין פירשט און חורבות איז זיין פּאַלאַץ, אויב דאָס חייל פון אונדזער סולטאַן – אַ ברכה אויף זיין קאָפּ – איז דאָרט געווען...

– ניין, ניין, איך בענק צו אים – האָט די ליאַלקע געבעטן – גנעדיקער אַבדול, האַר מיינער, לאָז מיך פריי.

– ניין – האָט אַבדול געשאָקלט מיטן קאָפּ–איך קאָן דאָס נישט, דיר וועט אַוודאי קויפן דער גרויס-וויזיר מוסטאַפאַ-אַל-עבר, וואָס זיינע גיטער ציען זיך אויף אַ טאָג גאַנג פון אַ קעמל; אָדער עס וועט דיר קויפן דער סוחר מחמד-אלי, וואָס האָט דריי קאַראַוואַנען צו הונדערט מויל-אייזלען באַלאָדענע; אָדער די שייכן פון דמשק.

– ניין, איך האָב זיי פיינט, איך בענק אַהיים – האָט די ליאַלקע געוויינט, נאָר דער אַלטער אַבדול האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

– ביי אונדז האָט נישט קיין ווילן קיין געקויפטע. דו מוזט ווערן אַזוי ווי מען הייסט דיר, אַזוי זאָגט דער הייליקער קאָראַן.

– איך בענק אַהיים, לאָז מיך פריי, אַבדול, – האָט די ליאַלקע זיך געבעטן – ביי אונדז וויגן זיך איצטער פעלדער

אין גאָלד פאַרפלייצטע, ס׳קלינגט אַ סערב און אין אָרעמס יונגע פאַלט דאָס גאָלד, איך בענק אַהיים... עס שטייט אויף דער טאָג אין מאָרגן-טוי און שטאַרבט אין אָוונט-גלאָק... איך בענק אַהיים... — און אַזוי איז זי זיפצנדיק פאַרשוואונדן געוואָרן.

אויף מאָרגן איז צו אַבדולן אין קראָם אַריינגעקומען דער סאַטראַפּ ראַכים-ביי. וואָס האָט געשמט פאַר אַ ליב-האָבער פון שיינע ליאַלקעס. האָט אים מיט אַ נידריקן בוקן באַגעגנט אַבדול, אַרויפלייגנדיק זיין האַנט צומערשט אויפן שטערן דערנאָך אויפן האַרץ און מיט שמחה אויסגערופן:

— דאָ האָב איך עפּעס פאַרן גנעדיקן הער און סאַטראַפּ יועמענס כבוד איך בין נישט ווערט צו זען ביי מיר איבערן שוועל. — דאָס איז אַ ליאַלקע פון ווייטן מעריב און אַזאַ שיינע זאַך האָט נאָך קיין גלויביקער נישט געזען — האָט אַבדול געריימט זיין סחורה, זוכנדיק פאַרוואונדערונג אויפן פנים פון סאַטראַפּ.

— ביסט אויף דער עלטער געוואָרן אַן אַלטער אייזל, אַבדול, וואָס קאָן זיך נאָר אויף דער קאָריטע. אויך האָסטו ליב אַ סך געלט צו נעמען, אָבער וואָס שיין איז ווייסטו נישט. — האָט געזאָגט דער סאַטראַפּ.

דאָ האָט אַבדול דער ליאַלקע אַ קוק געטון אין פנים אַריין און ווי פאַרוואונדערט איז ער געוואָרן, ווען ער האָט דערזען ביי איר רויטע פאַרשוואָלענע אויגן, איינגעפאַלענע באַקן און אַ פאַרביסן מויל און צעשויבערטע אויסגעפליקטע האָר...

און ביינאַכט, ווען אַבדול האָט זיך געלייגט אויף זיין געלעגער אויפן דאַך איז די ליאַלקע ווידער צו אים געקומען און האָט ווי נעכטן צו אים אַזוי געזאָגט:

— לאָז מיך פריי, אַבדול, איך בענק אַהיים. היינט איז געווען מיין שטאָרך, ער האָט מיר דערציילט פון דעם דונאַי מיין פאַרבענקטן, ער האָט מיר דערציילט, אַז די טאָפּאָלן אין אונזער גאָרטן רוישן שוין פאַרבענקטע אין הערבסט, קאַשטאַנעס שיטן מיט גאָלד און די דעמבעס ברוינען אין קופּער... עס פאַלט אין טוי אַ בלאַט שוין, און טונקל זשומעט דער וואַלד און וואַרט: באַלד וועט אים אָנטון אַ ווייסן שלייער דער ערשטער שניי — אַבדול, האַר מיינער, ווי איך בענק אַהיים!..

— ניין — האָט געענטפערט אַבדול — אויסלייז־געלט אַ סך, אַז מען וועט געבן.

— איך וועל דיר געבן, אַבדול, איך האָב דימענטן אין מיינע גילדענע שיכעלעך. איך האָב האָר־שפּילקעס מיט טייערע שאַפירן — איך וועל זיי דיר געבן — לאָז מיך פריי, גנעדיקער...

— ווייניק — האָט אַבדול געזאָגט.

עס האָט מיין שטאָרך — אַבדול — מיר אַזוי דערציילט, אַז ווייט פליט ער אַלע יאָר אין אַ ווייט לאַנד. און פאַרלאָזן שטייען דאָרטן פּאַלאַצן איינגעפאַלענע, ווי עס וואוינען אונדזערע ווילדע גענז און קליינע שוואַלבן; זיצן דאָרט קעניגן פאַר־שטיינערטע, וואָס טראָגן פּערלען, וואָס האָסט נאָך אַזעלכע נישט געזען, אַבדול, און טייערע שטיינער. וואַרט איין האַלב יאָר, וועט מיר דער שטאָרך אַ שניר פּערל ברענגען וועל איך מיך אויסלייזן — האָט די ליאַלקע אַ דערפרייטע אויסגערופן.

און אַבדול, וואָס איז געווען זיכער אין זיינע חלומות האָט געוואַרט זעקס לבנות ביז דער שטאָרך איז געקומען, טראָגנדיק אין שנאָבל אַ שנור פּערל.

— אָט האָב איך דיר געבראַכט, ליאַלקע מיינע — האָט דער שטאָרך געזאָגט — איך פלי איצט אַהין, דאָרט ווי עס

פליסט דער ברייטער דונאַי, גרינען שוין די לאָנקעס אין בלימעלעך געלינקע פאַרפוצט, אין די בלויע וואַסערלעך שפיגלט זיך דער הימל – פרילינג איז שוין דאָרט... און אויף זיין גאַניק שטייט דיין פירשט און קוקט אויס דעם שטאָרך, וואָס וועט דיר אויף זיינע שטאַרקע פליגל ברענגען. גיב אָפּ די פערל און קויף דיך אויס.

און אַ נאַכט איז אַראָפּ אויף דער שטאָט באַגדאַד.

און ווען אַבדול איז געשמאַק געשלאָפן און דער שטאָרך האָט געוואַרט אויפן קופּאָל פון מעטשעט, איז די ליאַלקע פון מעריב געשטאַנען ביים שפיגל און צום הונדערטן מאָל האָט זי אַרויפגעלייגט די פערל אויף איר ווייסן האַלדז אַרומגעוויקלט די ברוסט, אַראָפּגענומען און ווידער אָנגעטון. און אומזיסט האָט דער שטאָרך געוואַרט ווען דער מועזין האָט שוין די גלויביקע צו שחרית גערופן: די ליאַלקע האָט די פערל נישט אַוועקגעגעבן און אַליין איז דער שטאָרך אַוועקגעפלויגן.

## אין פּונקט פון גוטס.

דער איידעלער מאַרק־גראַף ווילהעלם פון זיגעסהאָהען האָט פאַרשריבן אין זיין געדענק־ביכל, אַז דער ייד אַנשל־מאיר בלוישילד, וואָס וואוינט אין דריטן הויז פון געטאָ־טויער און האַנדלט מיט בראָקאַט און טייערע שפּיצן, האָט אים, דעם מאַרק־גראַף, אומגעקערט זיין טייסטער פול מיט רענדלעך, און אַ גאָלדענעם צלם, וואָס ער האָט פאַרגעסן ביי אים אויפן טיש. דערביי האָט דער גראַף צוגעשריבן, אַז אַנשל־מאיר בלוישילד איז קיינמאָל קיין קריסט נישט געווען, און אַז אין זיינע אָדערן פליסט נישט קיין איין טראָפּן טויטאָניש בלוט, — אַז אַנשל־מאיר איז אַן אמתער ייד... און דער מאַרק־גראַף איז געווען אַזוי פאַרוואונדערט, אַז ער האָט אויף צופלייסנס גערופן זיינע הויף־לייט און עצה־געבער צו הערן, וואָס צו טון עפּעס פאַר דעם יידן, כדי אים צו באַווייזן דאָס קריסטלעך דאַנקבאַרקייט.

— מען דאַרף אָבער נאָך גוט חוקר ודורש זיין, — האָט גערעדט דער עלצטער בעל־יועץ, דער פּאָטער בערטאָלד, — ווייל מיר שיינט, אַז בלוישילד איז אפשר א שורש פון אַן אַלטער ריטערישער משפּחה איבערן רהיין. — אפשר אַ באַהאַלטענער פונק פון אַ קריסטלעכער נשמה, און...

נאָר ווייל דער גראַף האָט געמאַכט אַ זויערע גרימאַסע, האָט דער פּאָטער בערטאָלד דאָס ווייטערדיקע אַראָפּגעשלינגען און געבליבן זיצן שטיל.

— אפשר האָט ער עס געטון, מחמת מורא פאַרן געריכט,— האָט געריידט דער אַלטער ריכטער האמערפּאַוסט.

— עס איז נישט געווען קיין שום עדות, — האָט געענט־פערט דער מאַרק־גראַף, — איך האָב ביי דעם יידן געקויפט אַ קלייניקייט, מחמת וואָס, פאַר אַלץ האָט ער געוואָלט באַצאָלן.

— אַזאַ יידישע חוצפה! — האָט אויסגערופן דער צאָל־מייסטער.

— דאָס האָט ער נישט געוואוסט, אַז ער האָט דעם כבוד מיטן מאַרק־גראַף אַליין. — האָט אים פאַרענטפערט דער מאַרק־גראַף.

— מיין עצה איז, — האָט געזאָגט דער בורג־מייסטער, — אַז מען זאָל אָט דעם יידן אַרויסזעצן פון געטאָ, אַזעלכע יידן וואָלטן מיר געקאָנט באַזעצן אַפילו פאַר דער גרויסער פּאַול־קירך. און מסתמא וואָלט ער זיך געלאָזט קאָסטן אויף אַ קריסטלעכע זאַך פאַר אַזאַ כבוד וועגן.

— די הייליקע פּאַול־קירך דאַרף נעבעך האָבן אַ סך געלט... — האָט געזיפצט דער פּאָטער בערטאָלד.

און אַז ער וועט נישט וועלן געבן דער ייד ? — האָט קינדיש געפרעגט אַ יינגער גלח, אַ משרת ביי דער הייליקער אינקוויזיציע.

— מיין זון, וואָס הייסט ער וועט נישט וועלן, — האָט גאָטס־פאַרכטיק גערעדט פּאָטער בערטאָלד, האָט דען דוין וועלכער ייד געוואָלט אַמאָל געבן ? און פונדעסטוועגן, וואָס

פאַר אַ זעק פאַרשאָלטן געלד מען רייניקט אויס, מיטן חסד פון צלם, אַלע פאַר יאָר פון געטאָ...

— אויף אונדזערע שטייער-מאָנער מעגט איר זיך פאַרלאָזן — האָט געגעדעט דער ממונה איבערן מאַרק-גראַפס צינשן.

— אָבער מיינע יועצים — האָט דער מאַרק-גראַף געזאָגט — דעם יידן אנשל-מאירן קומט דאָך פון אונדז אַ טובה צו באַצאָלן...

— טאָ זאָל מען פאַרשרייבן — האָט ווידער פאָרגעלייגט דער בורג-מייסטער — אַז דעם יידן אַנשל-מאיר בלווישילד, פון דער טובה און חסד פון זיין הויכקייט אונדזער האַר און מאַרק-גראַף, איז ערלויבט צו וואוינען אויסער די טויערן פון דער געטאָ....

פאַרוואָס ער איז זיך מתחייב גוטווילליק צו שענקען... האָט אונטערגעזאָגט דער פּאָטער בערטאָלד.

— איז איין פאַרשלאג — האָט געזאָגט דער איידעלער מאַרק-גראַף. איצט ווער לייגט פאָר נאָך עפעס?

— איך וואָלט פאָרגעלייגט — האָט געזאָגט דער שאַך-מייסטער — אַז מען זאָל פאַר זיין הויז איינגראָבן אַ סלופּ און אויפקלאַפּן אַ גרויסן טאָוול מיטן אויפשריפט, אַז „דאָ וואוינט אַ ייד, וואָס האָט אומגעקערט געלד צו אַ קריסט“...

— גוט מיין זון — האָט געזאָגט דער גראַף — און איצט ווער שלאָגט נאָך-וואָס פאָר?

— און איך וואָלט געזאָגט — האָט געגעדעט דער צערע-מאָניע-מייסטער, — אַז מען זאָל מיט דעם יידן נישט מאַכן קיין גרויסע צערעמאָניעס: שיקן אין דער געטאָ אַ פערציק גרעפישע רייטער מיט קליידער און רויטע פּאַסן און ווייסע צלמן, אים אַרויפזעצן אויף דער באַזילבערטער קאָטש און ברענגען אין פּאַלאַץ, און דאָ צונויפרופן די סוויטע און

אים אָפּזאָגן אַ העפלעכ דאַנק, באַשענקען מיט אַ צייכן און אָפּשיקן אהיים מיט אַ מוזיק פון הויפּישן אָרקעסטער...

און היות ווי אַלע דריי פאַרשלאַגן זענען דעם מאַרק-גראַף באַזונדערס געפעלן געוואָרן, זענען זיי אַלע דריי אָנגע-נומען געוואָרן און פאַרשריבן געוואָרן פון די הויפּישע שריי-בערס. און די הויפּישע שרייבערס האָבן דאָס איבערגעגעבן צו די שרייבערס פון גורג-מייסטער, וואָס האָבן דאָס פאַרשריבן אויף פאַפּירן און אַוועקגעגעבן צו נאָך שרייבערס. און דער איידעלער מאַרק-גראַף איז געבליבן רואיק און ביים גוטן הומאָר, וואָס טרעפט ווי באַוואוסט ביי אַ מאַרק-גראַף זייער זעלטן.

*

און עס איז געשען און אין יאָרן אַרום, זענען די מאַרק-גראַפישע זעלנער פאַרפאָרן מיט פערד און וועגן פאַר אנשל-מאירס הויז און האָבן אָנגעהויבן גראָבן אַ גרוב.

האָבן אנשל-מאירן הענט און פיס גענומען ציטערן...

און דערמאַנענדיק זיך, וואָס זיינע זיידעס האָבן געטון ווען די מאַרק-גראַפישע זעלנער זענען פאַרפאָרן פאַר זייער שטוב און געוויאָלט אַ צלם איינגראָבן — האָבן ביי אים צווישן די פינגער פאַרגלאַנצט אַ פּאָר גילדענע ווענדלעך... און באַלד איז דער טאָוול געהאָנגען אויף דער חורבה פון דער געטאָ-מקוה, ווי ס'איז מיט גרויסע אותיות געשריבן געווען:

„דאָ וואוינט דער ייד, וואָס גיט אָפּ געלד אַ קריסט".
און ווייל עס האָט דאָרט קיינמאָל קיינער נישט געוואוינט האָבן גוים געלאַכט ווען זיי זענען אַדורכגעגאַנגען און יידן האָבן

זיך דערמאָנט, אַז זיי זענען צו שפּאָט און צו שאַנד בײַ די גוים אין גלות.

*

און ווידער איז געשען אין יאָרן אָרום, און צו זאַנשל־מאירן איז געקומען דער געטאָ־אויפזעער — דער יידן־מייסטער — און געמאָלדן, אַז אנשל־מאיר בלווישילד דאַרף זיך אַוועקשטעלן פאַר זיין עקסצעלענץ דעם בורג־מייסטער און פאַר זיין הייליקייט דעם פאָטער בערטאָלד. האָבן אנשל־מאירן ווידער העגט און פיס גענומען ציטערן.

— האַר לעבן — האָט ער זיך געבעטן ביים יידן־מייסטער — צו וואָס דאַרפן מיר דאָס, אַז דער בורג־מייסטער, זיין עקסצעלענץ און זיין הייליקייט דער פאָטער בערטאלד אַליין ? —

האָט דער יידן־מייסטער געצויגן זיין פייקע, געהויבן מיט די אַקסלען :

— מסתמא פאַר אַ גאַנץ האַרבע זאַך, אנשל־מאיר...

און אינדערשטיל האָט אנשל־מאיר אַזוי גערעדט צום ווייב :

— ווי איז אונדז, איך האָב אפשר נישט געטאָרט באָרגן דעם פּאָטער בערטאָלד קיין געלט...

— האָסטו דען נישט געוואוסט, אַז די כומרים האָבן פאַרווערט צו באָרגן ביי יידן געלט ?... — האָט ס'ווייב איס געפרעגט אַ דערשראָקענע.

— און אַ גאָלדענעם צלם האָט ער מיר אַ משכון געגעבן — האָט אנשל־מאיר נאָך צוגעגעבן טרייסלענדיק זיך פון שרעק.

— ווי איז אונדז, ווי איז אונדז, באַלד וועט מען אונדז ווידער טרייבן און ווי וועלן מיר גיין אין דער וועלט אָן

אונדזער גאָלד ?... האָט געביטערט ס׳ווייב, און אין טויט שרעק איז אנשל־מאיר צום בורג-מייסטער אַוועק.

— דו ביסט עס דער ייד אנשל-מאיר בלווישילד ? — האָט געפרעגט זיין עקס לענץ דער בורג־מייסטער.

— איך בין עס, אייער עקסעלענץ — האָט אין ציטערניש געענטפערט אנשל־מאיר - נאָר זייט מוחל, מיר, דעם נישטיקן יידן, אַ ייד טאָר טאַקע נישט נעמען קיין צלם פון קיין קריסט— זייט מיר מוחל...

— יאָ דאָס איז אַ גרויסע זאַך — האָט געצויגן דער בורג־מייסטער — אַ גרויסע זאַך... אַ גאָלדענער צלם מיט טייערע שטיינער באַזעצט און דו, אַ ייד, האָסט גענומען אין...

— זייט מיר מוחל, ליכטיקער האַר און בעל־רחמים — האָט געשטאַמלט דער ייד.

— און דערפאַר האָט זיין הויכקייט אונדזער מארק־גראַף באַפוילן, אַז מען זאָל דיר אַרויסזעצן פון געטאָ — האָט דער בורג־מייסטער כסדר געצויגן — און אַריינזעצן אין הויז ביי דער גרויסער פאול-קירך...

— פאַר וועלכער דו ביסט זיך מתחייב גוטוויליק אָפצו־געבן. — האָט אונטערגעזאָגט פאָטער בערטאָלד.

— אַלץ וועל איך אָפּגעבן, אַלץ, הייליקער פאָטער, — האָט אנשל־מאיר אויסגערופן.

האָט דער פאָטער בערטאָלד גוט און ברייט א שמייכל געטון און מיט דער קירכלעכער גוטסקייט אַרויפגעלייגט דעם יידן די האַנט אויף דער פלייצע.

— ברודער מיינער — האָט פאָטער בערטאָלד געזאָגט אָפּפירנדיק אנשל־מאירן צווישן די טונקעלע געוועלבן — מיר ווייסן, אַז דער צלם האָט זיך געפונען אין גוטע הענט, כאָטש

דו ביסט אַ ייד, פון דור־דורות... נאָר מיר קריסטן זענען שטענדיק גרייט פאַר אַלע צו טון, בפרט ווען דו ביסט אויף אַלעם מוחל. דו דאַרפסט עס נאָר זאָגן און אונטערשרייבן מיט אַ פּעדער, מיין זון...

און אנשל־מאיר האָט אַוועקגעגעבן דעם גאָלדענעם צלם און מיט אַ געזעגנע פעדער אונטערגעשריבן, אַז ער איז אַלץ מוחל.

און אַ ניי־געבוירענער איז אין דעם טאָג, פרייטיק פון יאָר ת״ח, אנשל־מאיר ארויס פון די טונקעלע געוועלבן פון דער פּאול־קירך און שבת גומל־געבענטשט.

נאָר דערמיט ענדיקט זיך נאָך נישט די מעשה און פנקס פון געטאָ, דען אין יאָרן אַרום זענען פאַר אנשל־מאירס שטוב די מאַרק־גראַפישע רייטער פאַרפאָרן, און אַ גרויסער שררה איז פון אַ זילבערנער קאָטש אַראָפּגעגאַנגען און איז גלייך אַריין צו אנשל־מאירן אין שטוב אַריין. און דאָ האָט ער אַרויס־גענומען אַ פּאַפּיר מיט דער שווערער מאַרק־גראַפישער חתימה, וואָס האָט קיינמאָל פאַר יידן קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט, און שוין באַפוילן, אַז דער ייד אנשל־מאיר בלווישילד זאָל מיט אים אַריינזיצן.

— האַר לעבן, ליכטיקער — וואָס ווילט איר פון אונדזער מאַן און פאָטער? מיר האָבן דאָך שוין אַלץ אַוועקגעגעבן... האָט געביטערט אַנשלס הויז־געזונט.

„נייערט קיין געוויין האָט נישט געטון ווייכער מאַכן דאָס האַרץ פון דעם שררה.“ — איז געשריבן אין פנקס — און אנשל מאיר האָט אָפּגעזאָגט ווידוי, זיך געזעגנט מיט זיין הויז־געזונט און איבערגעלאָזט זיין ווייב אַ תני־גט.

און באַלד האָבן פאַרשאַלט די טרומפּייטן און אַ שרעק

און אַ אימה איז געפאַלן אויף דער געטאָ. פאָרויס זענען געפאָרן די רייטער מיט די טרומפייטן, ביי די זייטן רייטער מיט בלויזע שווערדן און פון הינטן רייטער מיט רויטע פאַסן און ווייסע צלמים.

און אין די קלויזים האָבן זיך יידן באַהאַלטן.

און אין די פאַרבאָרגענע שולכלעך האָבן זקנים תהלים געזאָגט, אַז אַ נס זאָל געשען און אנשל-מאיר זאָל מיטן לעבן אַרויס.

און עס ענדיקט זיך אין פנקס פון געטאָ: אַז אין יאָר ת״ח איז אַ גרויס נס געשען: אַז דער ייד אַנשל-מאיר, וואָס האָט ביי אַ גלח אַ גילדענעם צלם פאַר אַ משכון גענומען – פאַר וואָס עס קומט, לויט אַ גזרה, אַ גרויסע שטראָף, רחמנא-לצלן, – איז אויף אַ וואונדערלעכן אופן אויסגעליי׳ט געוואָרן פון גוישע הענט. און אנשטאָט צו מיטן אים, האָט זיין הויכקייט דער מאַרק-גראַף אַליין מיט אַלע שררות געזעגנט זיך פאַר אים און אָפגעשיקט אים אַהיים מיט פויקן און טרומפייטן.

אזוי איז פאַרשריבן אין פנקס פון געטאָ.

## דער ריז און דאָס ווייב.

ווייט צווישן בערג האָט געוואוינט דער ריז. ער איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען ער פלעגט שפּאַצירן אין די בערג, פלעגט ער שפּרייזן פון באַרג-שפּיץ אויף באַרג-שפּיץ. פלעגן זיך זיינע לאָקן טינקען אין די וואָלקנס און זיין בליק איז געווען פריי ווי דער בליק פון בערג-אָדלער. און געקאָנט האָט ער נאָר די הויך מיט די צעלאָזענע האַל-ווינטן, די גלעטשערס מיט זייערע קאַלטע קרוינען און די בלויע ווייטן פון די הויכענישן.

און וואָס אין די טאָלן האָט ער נישט געוואוסט.

ווייל נישט פאַר זיין פרייען טריט זענען געווען די בערג-דורכגענג און נישט פאַר זיין שאַרפן בליק — די ווענט פון די שפּאַלטן.

און אַלע פאַרנאַכט, איידער די זון פלעגט פאַרפאַלן ווערן אין די בערג, פלעגן זיך די גלעטשערס אָנצינדן אין גלעזערנע רויזן; פּאַלאַצן אין רגעס פלעגן זיך אויסבויען פון פאַררויטלטע בערג-ווענט, און גירליאַנדן פון פערלדיקן אייז, און פאַלמען און בלומען פון בלויען פראָסט פלעגן אין רגעס אויסוואַקסן.

און די בערג פלעגן קרוינען אָנטון און אַ ראָזי-בלויער יום-טוב פלעגט אויפשטיין.

דעמאָלט פלעגט אַ שטיל ווייט קויל צו דער הויך זיך דערטראָגן.

דאָס איז געווען אַ גלאָק פון די פאַרנאַכטיקע האַלן, וואָס האָט די פרומע בערג־לייט צו מנחה גערופן.

און געקוקט האָט דער ריז פון זיין הויכקייט, ווי עס האָבן די שמאָלע בערג־גענג פון לייטן געווימלט. ווי־נישט־ווי איז אָ פרום בערג־ווייב מיט אַ ליכטל אין האַנט פאַרביי און אין אַ פאַרביק געשלאַנק צום קלויסטערל געצויגן.

און אומעטיק פלעגט ווערן דעם ריז.

ווייל געלאָשן האָבן זיך די בערג, און די טאָלן זענען פול געוואָרן מיט אַ ליליען בלוי. און די ברילִיאַנטענע קרוינען זענען ערגעץ אויסגעגאַנגען און קאַלט זענען געוואָרן די הימ־לען און אָפּגעריסן און חשך די בערג.

פלעגט ער פאַר גאָט זיין הארץ פאַרקלאָגן.

„פליגלדיקער באַרג־גאָט! אַלץ האָסטו באַשאַפן און יעדן זיין האַרצן פרייד געגעבן. עס פליט דער אָדלער איבער די וואָלקנס, איבער די אָפּגרונטן — ער פליט צו זיין נעסט, און דאָס בענקשאַפט פון זיין בליק ווערט געשטילט: ער זעט זיין אָדלערין. אָט ציט אין בערג־שפּאַלט דער בערג־מאַן, ציט צו זיין בת־זיוג.

איינער בין איך נאָר אַליין.

איך האָב נישט קיין נעסט, פאַר מיר זענען הויל אַלע בערג און אַלע ווייטן זענען אָפן, אין בענקשאַפט נאָר ברענגען די ווינטן אין מיין האַרץ און חשך ווערן די בערג און נאַכט פאַלט צו, און קיין מענטשנס טאָכטער איז נישטאָ פאַר מיר, א פליגלדיקער גאָט פון די בערג״...

און אין די אומעטיקע פאַרנאַכטן פלעגט דער ריז אָפּטער

אָנהויבן קוקן אין די געשלאַנגען פון די בערג. און ווען דער גלאָק פון האַל פלעגט זיך צעטראָגן, פלעגט ער זען אַ בערג-מיידל גיין.

און שיין איז זי געווען אין איר פאַרביקער דערע אין אירע רויטע קרעלן און שוואַרצע לאָקן.

איז איינמאָל דער ריז אַראָפּ צו איר פון באַרג און האָט אַזוי געזאָגט:

מיידל שיינס! ראָזער זענען דיינע באַקן פון אויפגאַנג פון דער זון און דיינע אויגן זענען ווי די פערלען פון אייז;

איך בין דער ריז וואָס וואוינט אין די בערג.

איך בין דער, וואָס שפּרייזט פון שפּיץ אויף שפּיץ.

איך בין דער, פון וועמען האָסט געהערט, אַז ער קוקט העכער פון אָדלער און נעצט זיין קאָפּ אין די כמאַרעס פון האָגל — זיי מיין ווייב!

האָט דאָס מיידל געענטפערט:

— איך, אַ ווייב פון ריז?

שטיל איז מיין בליק און פרום און קליינטשיק איז אונזער הייזל אונטערן באַרג — איך דיין ווייב?...

דו ביסט אַזוי גרויס!

דיין בליק איז אַזוי פריי!

מען זאָגט, דו ווייסט נישט פון קיין שטערונג.

דיר פאַרשטעלט נישט קיין באַרג-וואַנט און דיין בליק קוקט איבער אַלע הויכן.

מען זאָגט, די האַל-ווינטן זענען פאַר דיר אַ שפּילכל, און גלעטשערס צעררייסטו מיט די הענט און שפּרייזט פון באַרג אויף באַרג... —

איך דיין ווייב?

מיין שטיבעלע איז אַזוי קליינטשיק און ענג, און צען פּרודערלעך האָב איך נאָך און שוועסטערלעך, און ענג זענען די דורכגענג אין די בערג, נישט פאַר קיין ריזן צום טרעטן און נישט פאַר קיין אָדלער-בליקן די שאָטנס פון די געשלאַנגען.

— אמת! — האָט דער ריז געזאָגט. — ענג זענען די דורכגענג פון די בערג, נישט פאַר קיין פרייען טריט, און אַן אייביקער שאָטן וואוינט ביי אייך, וואָס איז נישט פאַר קיין פרייען בליק.

נאָר אַ ליין בין איך.

און עס דורשט מיין האַרץ נאָך ווייב, וואָס איז שענער ווי די ראָזע ווייטן און קלאָרער פון בלויען שניי.

וועל איך מיר קליין מאַכן.

וועל איך מיין בליק טעמפּ-מאַכן, ער זאָל נישט זיין ווי די באַרג-זון שאַרף, וועל איך מיין טריט איינקרעמפּן, ער זאָל נישט זיין ווי דער ווינט פריי.

און אויף די הויכקייטן וועל איך מער נישט גיין. אין די שמאָלע בערג-גענג וועל איך קריכן...

ווייל נאָך דיר, ווייב, דורשט מיין האַרץ. — וועל איך קליין ווערן...

דאָס איז די לעגענדע פון ריז און פון ווייב.

## פון טריזנט און איין נאַכט.

די ניין הונדערט אין ניין און ניינציקסטע נאַכט.

אָ, האַר און פּאַדישאַך, מלך פון אַלע גלויביקע! און ווייסטו דעם סוד פון די פּערל, און קענסטו די שפּראַך פון די איידלשטיינער און פאַרשטייסטו וואָס עס דערציילט זייער פינקל־דיקע שיין? — עס איז דאָס פאַרביקע לשון זייערס, וואָס דערציילט פון קורצער פרייד און לאַנגן פּיין, וואָס יעדער פון זיי ברענגט מיט זיך מיט. און ווער פון די אויסדער־ווײַלטע, וואָס טראָגן זיי, דער האָט געקויפט דעם פּיין פאַר שווער געלד זיינס... און אָט הער:

אין לאַנד, פונוואַנען די זון גייט אויף, האָט מען דעם דימענטשטיין געפונען, וואָס שעכערעזאַדע, דיין דינסט און קעפּס־ווייב טראָגט אויף איר ברוסט און וואָס הייסט דער „שטערן פון מזרח". אַ פעלזנשטיין איז זיין מוטער געווען און ווען אין איין טאָג איז איר הארץ צעריסן געוואָרן פון אַן אייזערנעם ברעכשטאַנג האָבן די דימענט־זוכער אין פאַרוואונ־דערונג פון פרייד אויסגערופן: אַ שטערן!

דאָס זענען געווען קנעכט מיט צעפּאַסעוועטע רוקנס פון בייטשן און פאַרשרומפּענע בייכער פון הונגער.

— ער איז מיינער, איך האָב אים דערזען! האָט איינער אויסגערופן און אים געכאַפּט.

— ער איז מיינער, איך האָב דעם פעלז צעריסן — האָט דער צווייטער אים אַרויסגעריסן און געעפנט אַ ברייט פינסטער מויל, און דעם שטיין איינגעשלונגען.

איז דער ערשטער אַוועק צום האַר און אַזוי געזאָגט:

— אָ, עלצטער אונזערער, האַר און ברויטגעבער, גע־פעלשט האָט אין דיר דיין קנעכט אַכמעד, דער פאַלשער הינט, און האָט דיין גוטס געגנבעט. דען ער האָט איינגעשלונגען דעם שענסטן דימענטשטיין, וואָס מיר האָבן היינט געפונען און וואָס קיינער האָט נאָך אַזעלכן נישט געזען.

— ווער, דיין חבר, דער אייביק ערלעכער אַכמעד? — האָט זיך געוואונדערט דער האַר.

— יאָ, האַר און געביטער, — אַזוי ווי ער האָט דערזען זיין שיין, זיין בלענדנד שיין...

און נאָך אין זעלבן טאָג האָט מען פון די געדערעם פון געטויטן אַכמעד אַרויסגענומען דעם „שטערן פון מזרח“.

אָ, אַלמעכטיקער!

דורך טיפע בערג־גענג, דאָרט ווי דער טויט לויערט פון בערג־רויבער, דורך מדבריות ווי די שאַקאַלן וויינען פון היי־ביקן הונגער האָט דעם דימענטשטיין אַוועקגעטראָגן דער האַר פון די בערג־לייט, וואָס זיין נאָמען איז געווען האַסאַן־בן־האַסאַן און דאָרט ווי ער איז דורכגעצויגן דאָרט איז דאָס גראָז פאַר־וועלקט געוואָרן פון דורשט, דאָרט האָט דער טיגער פון הונ־גער אויפגעפרעסן זיינע אייגענע קינדער און דער באָאַ־שלאַנג האָט געשטיקט די געשטרייפטע זעברע. און געוואוסט האָט האַסאַן־בן־האַסאַן, אַז אַ אוצר טראָגט ער באַהאַלטן אין זיין בוזעם, וואָס קיין גלויביקער האָט נאָך אַזעלכעס נישט געזען.

איז ער געצויגן צום באָרט פון ים, אַז אַ שיף זאָל אים אַוועקטראָגן צום אָרט פון זיין בענקשאַפט.

* * *

אַ סך מאָל איז די זון אויפגעגאַנגען און אונטערגעגאַנגען איבער די טיפענישן פון ים און איר אייביקן סדר, צום לויב פון אַללאַה אויף דור דורות. שוין האָבן זיך געזען פונוויטן די מינאַרעטן און טורעמס פון דער פאַרבענקטער שטאָט פון האַסאַן־בן־האַסאַן, ווען קולות האָבן אים אויפגעוועקט פון זיסן שלאָף און שאָטן פון די זעגלען:

— שטיי אויף!

דען פון שפּיץ פון די מאַסטן האָבן די וועכטער דערזען די זיגלען פון אַ שיף מיטן צייכן פון שוואַרצן פליגל — פון אַבו־קים.

און ווייסטו, האַר און פאַדישאַך אונזערער, ווער אַבו־קים איז געווען?

דאָס איז געווען די מורא פון אומענדלעכע ימן.

פון מזרח און מעריב, פון דער הערשאַפט פון דער האַלבער לבנה ביז צו די צלם־לענדער, אַ פּרעניות אויף זיי שיק, אַללאַה, האָט זיין נאָמען געשראָקן די שיפער און סוחרים פון אַלע מדינות.

— אַללאַה, באַשירעם דיינע קנעכט! — האָבן געררופן די שוואַכע נאָך גאָטס גענאָד און באַהאַלטן זייער האָב און גוטס און די שטאַרקע האָבן געגרייכט נאָך זייערע שווערדן און גיפטיקע קינזשאַלן, און אַ מלחמה, אַ מוראדיקע האָט זיך צעפלאַקערט איבער די אָפּגרינטן פון ים. שווערדן אין שווערדן האָבן זיך געשניטן, פייער און וואַסער האָבן זיך געמישט אין געראַנגל אויף לעבן און טויט.

ביז געזיגט האָט אַבו־קים, דען אַזוי גרויס איז געווען די

מורא פאַר זיין נאָמען, אַז גיבורים זענען ווי די שעפעלעך געבליבן און די שווערד פון האַנט פאַרלאָרן.

איז איצט געזעסן דער האַר פון די ימן, אַבו-קים, און פאַר זיין שטול האָט מען געציילט דאָס גערויבטע גוטס: פּעק מיט סחורות האָט מען אויפגעמאַכט און אויסגעלייגט געוועבן פון די צלם-לענדער, שטאָל פון דמשק, געווירצן פון ווייטן אינדיען און פוטער פון קאַלטן צפון. און מיידלעך האָט מען אַרויסגעפירט פון אונטער די דעקן פון שיף מיט קעפּ בלאָנדע, ווי פלאַקס, וואָס סוחרים האָבן געפירט, גערויבטע פון זייערע ווייטע היימען, און טונקעלע, ווי געגאָסענער בראָנז און שוואַר-צע, ווי העבאַן. און די סוחרים האָט מען אַדורכגעפירט פאַר די פיס פון אַבו-קים. און אין געשפּאָט האָט מען פון זיי אַראָפּגעצויגן זייערע קליידער פון סאַמעט און זיידנס און אין זעק זיי אָנגעטאָן, די צירינג זייערס אַראָפּגעלייגט און שטריק זיי פאַרוואָרפן... כאָטש אַ וואונד אין זיין לייב האָט האַסאַן-בן-האַסאַן זיך געמאַכט און פאַרבונדן דאָרט דעם טייערן שטיין, האָבן אים אָבער די אויגן פון די רויבער געפונען און — אָ, טרייסט פון אַלע גלויביקע! — אין טונקעלען קעלער איז באַלד האַסאַן-בן-האַסאַן געזעסן אַ געשמידטער צו זיין פאַר-שימלטן רודער און דער שטערן פון מזרח איז אין דער שווערד פון אַבו-קים איינגעפאַסט געוואָרן.

* * *

און צוועלף מאָל צוועלף זענען אַריבער לבנות פון דער צייט.

ביז איינמאָל האָט אַ נזיר דעם שטיין געפונען. אין גריף פון דער שווערד איז ער נאָך געווען געפּאַסט און באַגראָבן אין דער ערד, ווי זיין האַר האָט אים אין זיינע לעצטע מינוטן באַהאַלטן.

- דו טייוול־אויג, וואָלט דיך בעסער דיין פעלזן־מוטער נישט געבאָרן! — האָט אַ זאָג געטאָן איינער און אַוועקגעוואָרפן דעם גריף צוזאַמען מיטן שטיין.

דער שטיין שיינט מיט די פאַרבן פון רעגנבויגן אין הימל — האָט אים אויפגעהויבן זיין חבר — ער איז ראוי, אַז פאַרן געשטאַלט פון נביא זאָל ער לייכטן.

האָבן זיי מיט ציטערדיקע פינגער דעם שטיין פון דער שווערד אַרויסגעריסן און אין זייער הייל געטראָגן, און ווען זיי זענען אין זייער פאַרבאָרגענער מערה געקומען האָבן זיי דעם שטיין צו דעם פיסבענקל פון נביאס געשטאַלט געפּאַסט.

געלויכטן האָט דער שטערן פון מזרח און באַשיינט פנימער פון אויסגעטרוקנטע פרושים, פאַרוויגטע אין די אייביקע חלומות פון די הימלען, פנימער — מרא־שחורהדיקע, געשטאַלטן פון שווערן יאָך געבויגענע, וואָס זענען אַהער געצויגן צו פאַלן צום פוס־בענקעלע פון נביא און מיט אַ טרייסט זענען זיי אין זייערע היימען געקומען. זענען זיי אַהער געצויגן פון אונטער די הויכע בערג און ווייטע אָאַזן פון דער מדבר און פון די אינזלען פון ים. און מתנות האָבן זיי גע-

בראַכט און געוואַקסן איז די הייל. ברייט איז געוואָרן איר חלל און ליכטיק און מיט זיילן פֿון מאַרמאָר באַשטעלט. און געלויכטן האָט דער שטערן פֿון מזרח איצט שוין הויך אויף דער פֿאָדערוואַנט פֿון טעמפּל, וואוהין די פֿאַרחשכטע פֿלעגן נישט וואַגן צוצוטרעטן, נאָר בלויז אין פּורפּור געקליידטע כּוהנים און רייכע האַרן. און ווען עס פֿלעגט צופֿאַלן די נאַכט פֿלעגן דעם טעמפּל שווערע טויערן צושליסן.

האָט איינמאָל אַ טיר פֿון טעמפּל אין דער נאַכט זיך געעפֿנט און שטילע טריט האָבן אין דער פֿינסטערניש צום נביאס פּיס-בענקל זיך דערנענטערט. און דער אַריינגעקומענער איז געפֿאַלן אויף זיין פּנים און אַזוי געזאָגט:

— איך בין אַ קנעכט, וואָס אַנטלויפֿט פֿאַרן כּעס פֿון זיין האַר. נאָך הענגען די קייטן אויף מיינע הענט און פּיס און אויף מיין לייב איז געטאַטוירט מיין קנעכטשאַפֿט און נאָר דו איינער, נביא אונזערער, קאָנסט מיך אויסלייזן, ווען דו וועסט מיך אויסקויפֿן מיטן טייערן שטיין, וואָס גלאַנצט ביי דיין צופּיסנס. אַז נישט וועט מען מיך בינדן פֿאַר אַ שיפּס-קנעכט, וועמענס ביינער עס וועלן פֿאַרפֿוילט צוגליין מיט די ברעטער פֿון שיף.

און אַ נס איז געשען: עס האָבן זיך די גאָלדענע קלאַמרען אַליין ווי פֿינגער אויפֿגעבויגן און אַ ליכטיקער איז אַריינגעפֿאַלן דער שטיין צום קנעכט אין האַנט אַריין. און אַ סך מאָל איז געפֿאַלן אויפֿן פּנים דער קנעכט און אַ לויב האָבן זיינע ליפּן געטראָגן צום אייביקן אַללאַה, ווי פּלוצלונג האָבן זיך די טויערן ברייט צעפֿראַלט און קייטן און פּאַנצערס האָבן פֿאַרקלונגען.

— קעפּן אים! פֿערטלען דאַרף מען אים, וואָס האָט דאָס הייליקייט באַגנבעט.

און אויף מאָרגן, נאָך איידער די זון איז אויפגעגאַנגען איז ער פון הייליקן בית-דין געפּטרט געוואָרן...



אָ, האַר אונזערער, דו ליכטיקער געקרוינטער איבער אַלע גלויביקע!

און אַ נאַכט איז אַראָפּ אויף דער שטאָט באַגדאַד, וואָס האָט איינגעהילט אין שלייערן דעם גערויש פון טאָג. און דורך קרומע געסלעך איז געגאַנגען אַ נזיר איינגעהילט אין זיינע כּהן-קליידער פון ליינען בלויז געניייטע. מיט לויערנדיקע טריט פון אַ רויבער האָט ער איצטער געהיילט, טראָגנדיק דעם גערויבטן שטיין פון צופיסנס פון נביאס געשטאַלט צו אַ זינדיק ווייב, וואָס האָט אין עק שטאָט געוואוינט און וואָס האָט דעם שטיין פון דעם נביאס צופיסנס באַגערט. האָט ער איר דאָס געטראָגן אַ מתנה פאַר דער זינד... און אַזוי זיך שלייכנדיק דורך קרומע געסלעך איז ער אין אַ געהיימען הויז אַריין. דאָ איז צו אים דאָס זינדיק ווייב צוגעקומען און אַזוי געזאָגט:

— נאָך דער האַלבער נאַכט ביזטו ערשט געקומען — ווער ווייס מיר אומקערן דאָס גליק פון דער פאַרשוואונדענער האַלבער נאַכט, דען איך וואַרט שוין אויף דיר פון זון אונטערגאַנג אָן, צו זען דיך און דיין מתנה, נאָך וועלכער איך גאַר אומזיסט שוין אַזוי לאַנג.

— שווער זענען געווען מיינע נסיונות — האָט דער נזיר געזיפצט — און פאַר דעם זינדיק ווייב דערציילט, ווי אַזוי

נזירים ווערן געפייניקט פאַר זייערע זינד און ליגן אויף ברעטער, וואָס זענען אויסגעשלאָגן מיט שפּיצן-נעגל. ער האָט דערציילט וועגן סלופּ-זיצערס, וואָס זיצן יאָרן און רירן זיך נישט פון אָרט און פון אַזעלכע, וואָס שאַרן זיך הונדערט מייל צום הייליקן טייך, צו טובלען זיך פון זייערע זינד...

נאָר דאָס זינדיק ווייב האָט נישט פאַרנומען זיינע רייד און האָט אים אַרומגעוויקלט מיט אירע אָרעמס און געפירט אים צווישן דער סאַמעט-ווייכקייט פון אירע טעפּיכער, צווישן דעם פול-פאַרביקייט פון אירע חדרים און די ריחות פון אירע בלומען. און פאַרשוכורט האָבן אים די קלאַנגען פון אירע פלייטשפּילערינס און ביי די פיס פון דער זינדיקער האָט דער נזיר אַוועקגעלייגט דעם טייערן שטיין, און — אָ, אַללאַה, וואָס דו ביזט איבער אַלע גלויביקע! — און ווייסטו, האַר אונזערער, וואָס מיטן נזיר איז געשען?—דאָרט, ווי די גרעסטע וועגן פון לאַנד שיידן זיך פאַנאַנדער, דאָרט האָט מען אים געזען קריכנדיק אויף הענט און פיס, שוואַרץ און אָפּגעריסן. אַזוי איז ער געגאַנגען אויף זיין גרויסן וועג זוכן דעם טייך, וואָס רייניקט מענטשן פון זייערע שווערע זינד.



און אַ סך מאָל איז די זון פון דעמאָלט אָן אויפגעגאַנגען און אונטערגעגאַנגען אין איר אייביקן סדר, צו אַללאַהס לויב אויף דור-דורות. אויפן ווייסן האַרץ פון דער טענצערין האָט דער „שטערן פון מזרח" געלויכטן. און אַ שמעקעכץ פון פרילינג און אַ שפע פון זומער האָט געהויכט אין דער

וואוינונג פון מענטשלעכע תּאווה, ווי בייטאָג און ביינאַכט האָט דער שיכּור־טאַנץ געדויערט. אין מלחמה־צייט אַפילו, אין מגיפה, האָט זיך דער טאַנץ נישט איבערגעריסן. און מיט אָדערן פול מיט סם האָט מען זיך דאָ געדרייט אין טאַנץ פון תּענוג.

ביז אַלט איז די טענצערין געוואָרן.

גיך איז זי אַלט געוואָרן. נאָך איז אויף אירע חברטעס דער חן פון יוגנט געלעגן, ווען איר האָט די זקנה געבויגן און מיט שרעק פלעגט זי אַ קוק טאָן אין שפּיגל, ווי זי האָט דערזען די עלטער־קנייטשן אויף איר גע־שמינקט פּנים, זינט זי האָט דעם שטיין געטראָגן. און נישט געהאָלפן האָבן איר די היילן פון די דאָקטוירים, און די שפּרוכן פון די שלאַנגען־באַשווערער און די סגולות פון מכשיפות. און פּוסט איז געוואָרן אין אירע חדרים. בלויז וואָס גרייז־גרויע פלעגן קומען און באַוואונדערן דעם טייערן שטיין אויף איר האַלדז און רעדן פון אַלטע צייטן, פון פאַרשוואונ־דענע טעג, פון יוגנט און ליבע. האָט זי אַלע שפּיגלען פאַר־האַנגען און טעג און נעכט אַליין געזעסן און דעם שטיין באַוויינט. און אַ שטויב איז געפאַלן אויפן בראָנז און מאַרמאָר, אַ שטויב אויפן זייד און סאַמעט. און פאַמעלעך האָט זיך דאָ דאָס אָרעמקייט צעלייגט. פלעגט זי אַלע אינגערפרי פאַרדעקן איר פּנים און קומען אויפן מאַרק, ווי זי פלעגט טראָגן אירע צמאָליקע געשאַנקען איינציקווייז צו פאַרקויפן. און אַוועקגע־בויגן האָבן די קעפּ די אַלטע סוחרים, וואָס האָבן איר דער־קאָנט, אָדער פלעגן פאַר ביליק אויסנאַרן די מתּנות, וואָס זיי האָבן איר אַליין אַמאָל געגעבן.

און איינמאָל האָט ווער אין אירע טירן אָנגעקלאַפּט.

— איך בין יוסף, דער עלצטער סוחר פון איידלשטיינער אין גאַנצן לאַנד — האָסטו אפשר עפּעס צו פאַרקויפן? — האָט

דער אַלטער געזאָגט און גיריג געשמייכלט. ווייל ער האָט גוט געוואוסט פון באַהאַלטענעם אוצר.

— איך האָב שוין מער גאָרנישט, נאָר איין שטיין. נאָר קיינער אין לאַנד איז נישט אימשטאַנד מיר פאַר אים צו באַצאָלן — האָט געזאָגט די אַלטע — אפשר נאָר דער פּאַ־דישאַך אַליין, ווייל נאָר איז אַ קרוין איז ראוי, אַז אַזאַ שטיין זאָל לייכטן.

האָט דער סוחר דעם שטיין באַקוקט און באַטראַכט, געוואויגן אויף זיין גאָלד־שעלכל און געשפּיגלט זיין ריין־וואַסער, אַזוי ווי עס טוען די יובילערן ביי אַ טייערן שטיין, און האָט צו איר אַזוי געזאָגט:

— גנעדיקע האַרנטע! זאָל דיין פוס נישט דערוועגן צו גיין איבערן פּאַדישאַכס שוועל אַריבער, און ווען דיין לעבן איז דיר ליב, זאָלסטו אים שוין שפּאַלטן אויף שטיקער און שטיקער־ווייז אים פאַרקויפן, וועסטו דיין עלטער בשלום אָפּקומען אין נחת. — און דאָ האָט ער איר דערציילט דאָס, וואָס זי האָט אַליין געוואוסט, אַז דער שטיין איז פון גרויסן טעמפּל פון נביאס טריט דורך אַ זינדיקן נזיר געריבעט געוואָרן.

און לאַנג האָבן זיי זיך באַראטן. נאָר וועגט האָבן אויערן און נישט געוויאוסט האָבן זיי, אָ, גריסער סולטאַן און פּאַדי־שאַך, אַז פון לאַנג־שוין לויערן דיינע אויסקוקערס, וואָס זענען פלינקער פון די האָזן אויף זיי. און איידער דער סוחר האָט מיט זיין העמערל אַ קלאַפּ געטאָן איבערן שטיין, האָבן אים שווערע הענט אַרומגעכאַפּט און קייטן האָבן פאַרקלינגען אויף זיין האַלדז.

און פאַרשריבן איז געוואָרן, אַז אין צוויי זאַך האָט מען דעם טאָג איינגעבונדן צוויי פאַרמשפּטע, וואָס האָבן פאַר זיין

כּבוד פאַרזינדיקט. און ווי שווערע שטיינער צוגעבונדן און
אין וואַסער דערטרונקען. — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

אָ, גרויסער הערשער! צי ווייסטו וואָס עס דערציילן די
שטיינער פון דיין דינסט און קעפּס-ווייב שעכערעזאַדע?..

דער סולטאַן איז שוין אָבער אַנטשלאָפן געוואָרן, דער
מועזין האָט די גלויביקע צו שחרית גערופן.

## דער פירשט מיט די דריי האָר און זיין פריזירער.

עס איז אַמאָל געווען אַ פירשט, וואָס האָט געהאַט בלויז דריי האָר אויפן קאָפּ... פּשוט, איבערן גאַנצן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ ליסינע, וואָס האָט געגלאַנצט, ווי אַ בעקן און פּונקט אינמיטן זענען זיך געוואקסן דריי האָר. און מען מוז צוגעבן, אַז דער שיינער מינהג פון פירשטן און גרויסע לייט צו טראָגן געלאָקטע פּאַרוקן איז שוין נישט געווען אין דער מאָדע. און אַזוי ווי דער פירשט האָט געהאַט וויזיטן אַלע טאָג און הויף-בעלער אַלע נעכט — אַזוי ווי אַ פירשט — דעריבער איז אים צום ערגסטן געווען מיט די פריזירער... דען קיין פריזירער האָט נישט געקאָנט אויסנוצן די שפע פון זיין קאָפּ... — אַזוי האָט דער פירשט זיך געקלאָגט.

און אמת, אַ שפע איז געווען אין די דריי האָר. זיי זענען געווען גענוג לאַנג, ווייך-זיידיק, און פון זייער אַ שיינעם גאָלדענעם קאָליר. נאָר פאָרט איז עס נישט מער ווי דריי האָר און פון דריי האָר קען מען קיין קאָפּ נישט אויסלאָקן...— אַזוי האָבן געזאָגט די פריזירער... און עס פלעגט געשען, אַז ווען דער פירשט פלעגט וועלן גיין אויף אַ מאָלצייט אָדער אויף אַן ערלעכן אויפנאַם, פלעגט צוקאָפּנס אים שטיין דער פריזירער און קלאָגן, אַז אַ מיאוסע מלאכה איז צו זיין אַ

פריזירער: ער שטאַרבט פון הונגער, ווען קיינער רופט אים נישט און האָט נישט קיין מנוחה, ווען ער אַרבעט. דען אַלע זענען חשובע און אָנגעזעענע לייט און אַלע וואָלטן געוואָלט מיט איין מאָל זיין געפריזירט. און דערצו, אַז עס רופט אים נאָך דער פירשט אין הויף און ער איז הויל אויפן קאָפּ, ווי אַ דיניע... דריי האָר. הערסט אַ פריזורע! און דו, אָרעמער פריזירער, גיי און באַשאַף האָר אויף אַ קאָפּ, וואָס איז שוין יאָרן הויל!..

אַזוי פלעגן מורמלען די פריזירער.

און דער סוף פלעגט זיין, אַז דער פירשט פלעגט הייסן אַרויסוואַרפן דעם פריזירער און אים נאָך צוגעבן פופציק שמיץ דערפאַר, ווייל ער האָט מצער געווען דעם שררה, אָנשטאָט אים פריילעך צו מאַכן, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ הויפישן פריזירער.

און אַזוי איז געווען ס׳רוב. האָט דער פירשט דעריבער אַלע פריזירער פון זיין געמאַרק פאַרטריבן. און אַז עס פלעגט טרעפן, אַז אַ אונטערטאַן פלעגט קומען זיך באַקלאָגן צום פירשט, אַז די ציינזן־נעמער האָבן אים די קישן פון קאָפּ צוגענומען, איז אויב אין זיין משפחה איז געווען אַ מאָל אַ פריזירער, פלעגט ער נאָך דערצו פופציק שמיץ קריגן און זיין קאָפּ מיט פעך אויסשמירן. דען אַ שונא איז דער פירשט געווען פון אַלע פריזירער!

און אַזוי האָט עס יאָרן געדויערט.

און די לייט פון פירשטס געמאַרק האָט מען שוין אויף מיילן אַרום דערקאָנט, ווייל אַלע האָבן זיי געטראָגן צעשויבערטע האָר. דען אין גאַנצן געמאַרק איז קיין איין פריזירער נישט געבליבן

ביז איינמאָל איז אין דעם געמאַרק אַ פריזירער געקומען.

גערעדט האָט מען, אַז ער שטאַמט גאָרנישט פון קיין פריזירער, אַז דאָס איז גאָר איידל בלוט, עפּעס אַ פּרינץ, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט פאַר זיין פאָטער דעם קיסר און קומט אָפּ זיין שטראָף, ווי אַ וואַנדער-פריזירער, וואָס איז געווען דעמאָלט לרוב, נאָר דעם פירשטס געמאַרק האָט קיינער נישט געוואַגט אַדורכצוזאָגן.

האָט אים דער פירשט אין הויף גערופן און אים אַזוי געזאָגט:

— פריזיר אויס מיין קאָפּ אין לאָקן, ווי זייד, ווייל איך בין היינט אויף אַ מאָלצייט צום קיסר אַליין פאַרבעטן.

— גוט, ליכטיקער פירשט! — האָט דער פריזירער געזאָגט — נאָר ווערסט פאַרגעבן דיין קנעכט, וואָס אָרעם זענען זיינע מכשירים פאַר אַזאַ ערלעכע אַרבעט, ווי אויספריזירן דיין זיידענעם קאָפּ האָר. הייס — ליכטיקער פירשט — אַז שוין זאָל מען ברענגען די בעסטע שערעלעך פון די שלייפער, און קאַמען פון די ביין-שניצער, און שמירעכצער און היילן צום גלאַנצן די לאָקן, און בשמים צו וואַשן די זיידענע קרויזן. און אַ שפּיגל הייס שטעלן פון קריסטאַל, און באַרשטן הייס ברענגען פון דעם פיינסטן האָר און אַלץ וועט געשען אויפן פירשטס באַפעל.

האָט דער פירשט געהייסן און דאָס אַלץ איז געבראַכט געוואָרן. און עס האָט פאַרגלאַנצט פון שערעלעך און צווענגעלעך, פלעשעלעך און קריגעלעך, שפּיגל און קריסטאָל. (אויף יידן האָט מען אַרויפגעלייגט צוליב דעם אַ באַזונדער שטייער) און דער פריזירער האָט זיך צו דער אַרבעט גענומען.

און ער האָט אַזוי גערעדט:

— ווי שיין עס זענען די לאָקן דיינע, פירשט! ווי דאָס רויע זייד אויף דער זון. אָט גלאַנצן זיי ווי בראָנז און

העבאַן. אָט לאָקן זיי זיך, ווי דאָס געקעמטע וואָל, אָט ברויז איך זיי ווי בורשטינענע וועלן און דיין קאָפּ ווערט באַקרוינט מיט לאָקן פון בראָנז, מיט קרויזן פון קופּער און גאָלד...

און לאַנג האָט נאָך גערעדט דער וואונדערלעכער פריזירער...

— ביזט אוודאי נישט פון המון — האָט דער פירשט אים געזאָגט — דאָס דערקאָנט מען באַלד נאָך דיין רעדן, אז דו ביזט פון איידל בלוט...

און ווי לייט דערציילן, איז ער געבליבן דער פריזירער פון פירשט, אַפילו נאָכדעם, ווי די דריי האָר זענען אים שוין לאַנג געהאַט אויסגעפאַלן...

## צעבּרעכן די פליגל!

אַיין שאָטן פון דער פּאַלמע איז געזעסן דער פלוידער-זאַק אַבו-על-ראַשיד, וואָס האָט פאַר זיינע צוהערער דערציילט:

— איז דער סולטאַן און פּאַדישאַך געזעסן אין זיין וואונ-דערלעכן גאָרטן און געקוקט אין קלאָרן וואַסער פון דעם גרויסן באַסיין. ער האָט דאָרט באַוואונדערט גאָלדענע פּישע-לעך, וואָס האָבן געווימלט צווישן די גראָזן, דעם בלויען הימל, די ווייסע וואָלקנדלעך, וואָס זענען ווי די שוואַנען גע-שוואומען און די גרויסע מחנות שוואַלבן, וואָס זענען אין דער צייט אָנגעצויגן אין זיין לאַנד אריין פון די ווייטע צלם-לענדער, אַ פּרעניות שיק אויף זיי, אַללאַ...

און דער פּאַדישאַך האָט צעפרידן געשמייכלט.

דען קוקנדיק אין דעם קאַלטן וואַסער, האָט ער זיך גע-קלערט, אַז וואָס זיין האַרץ האָט נאָר פאַרגלוסט איז נאָך קיינמאָל נישט געוואָרן אָפּגעזאָגט און פאַר זיין פאַרלאַנג איז נישט געווען נאָך קיין „ניין״. אָט האָט ער געוואָלט, און די וואַסערן פון די העכסטע שניי-בערג פליסן אין זיינע גערטנער. אָט האָט ער געוואָלט, און די ווייטסטע פלאַנצונגען האָט מען אַהער געבראַכט און אין זיין גאָרטן פאַרפלאַנצט. און צוזאַמען מיטן העלפאַנט האָט מען אַהער געבראַכט דעם ווייסן בער,

און דעם טיגער מיט דער געשטרייפטער זעברע. אַ וואַקסן לאטאס-בלומען פון נילוס, אַ גרינט אַן אַלעע פון סאָסנעס, קאַלטע סאָסנעס פון אַ צלם-לאַנד און קאַקטוס-בלעטער פון דער מדבר סטערטשען אויף אויפגעלייגטע פעלזן. — דען אַזוי האָט ער אין אַ מינוט ווען געוואָלט און אַ וואָרט געזאָגט— אפשר גאָר קיין וואָרט אויך נישט געזאָגט — עס האָבן עס זיינע וויזירן פון זיין שטערן אַרפגעלייענט, — און טויזנטער קנעכט האָבן קאַנאַלן פון די ווייטע שניי-בערג געגראָבן און אין די וועלדער נאָך ווילדע חיות געלאָפן.

אַזוי האָט דער סולטאַן און פאַדישאַך זיך געטראַכט און געפרעגט ביי זיין ערשטן וויזיר, צי עס קאָן נאָך זיין אַזעלכעס, וואָס ער, דער פאַדישאַך, וואָלט נישט געקאָנט באַקומען אַפילו ער זאָל ווי שטאַרק עס פאַרלאַנגען.

נישטאָ אַזעלכעס — האָט געענטפערט דער וויזיר, און דער הערשער האָט ווייטער געקוקט אין די קריסטאָלענע וואַסער-פאַלן און אין דעם פלאַכן שפיגל פון באַסיין. און פון די טיפע הימלען זענען די פויגל געצויגן און מיט זייערע קולות אָנגעפילט די לופט.

— ווי וואונדערלעך אַללאַ האָט אַלץ באַשאַפן: האָט געזאָגט דער סולטאַן — אַט אַזאַ שוועלבעלע ציט פון ווי ווייט, טראָגט זיך פריי איבער בערג און טאָל... — נאָר דאָ האָט אַ פאַרלאַנג פלוצלונג אַ צאַפל געטאָן ביי אים אין האַרץ: ער, דער סולטאַן, קאָן נישט פליען — אָ, ווי ער וואָלט געוואָלט איצט האָבן פליגל!

און דער גרויס-וויזיר האָט גערעדט:

— אָ הערשער און פאַדישאַך פון די גלויביקע! נישט צום ציילן זענען די קנעכט, וואָס שטייען גרייט דיך צו טראָגן

אויף זייערע אַקסלען, שוין נישט דערמאָנענדיק די קאַראַוואַ-נעס, מויל-אייזלען און דיינע ווייסע עלעפאַנטן. איין וואונק דיינער, און געעפנט ווערן די אייזערנע טויערן פון דער מויער-וואַנט, מיט וועלכע די גאַנצע שטאָט איז אַרומגערינגלט און די ווייטסטע וועגן שפּרייטן זיך פאַר דער פריי. —

אָר נישט פאַרנומען האָט דער סולטאַן צו די רייד פון זיין וויזיר, ווייל געוואוסט האָט ער, אַז דאָס אַלץ קומט נאָך נישט צום שאַרפן שוואונק פון שוואַלב, צום שוואומענדיקן פלי פון שטאָרך און צום מעכטיקן צי פונם אָדלער.

האָט דער סולטאַן צו זיינע חכמים גערופן און צו זיי אַזוי געזאָגט:

חכמים מיינע! וואָס איז דאָס חשובסטע פון אַלע בּרואים ביי אַללאַ? —

— דער מענטש — האָט דער עלטסטער חכם, ווי דער שטייגער איז, נאָך אַ ווײַלע טראַכטן — געענטפערט.

— און איבער די העכסטע בערג קאָן פליען די קליינע שוואַלבּ, דעמאָלט, ווען פון מענטש קאָן דער גרעסטער חכם נישט אַנטלויפן אויף יענעם זייט מויער.

— ליבן דאַרפן מיר אַללאַ דערפאַר, אָ, סולטאַן און פּאַ-דישאַך אונזערער — האָט דער עלטסטער חכם געזאָגט — פאַלן דאַרפן מיר אויפן פּנים פאַרן חסד פון אַללאַ, וואָס האָט דיינע דינער קיין פליגל נישט געגעבן, דען ווייט זעט אַללאַס אויג און גרויס איז זיין חסד איבער אונזער הערשער.

— ניין, אַללאַ האָט שלעכט געטאָן, ווען ער האָט דעם מענטש קיין פליגל נישט געגעבן — האָט דער סולטאַן נישט געלאָזט זיך איבעררעדן. — און איצטער, חכמים מיינע, וויל איך, אַז איר מיט אייער חכמה זאָלט מיר אַזעלכע פליגל באַ-

שאַפן. דען נישט אומזיסט האַלט איך אייך אויס אויף מיין הויף און איר זענט די ערשטע לויטן כבוד נאָכן סולטאַן אַליין. —

און אַנטשוויגן זענען געוואָרן די חכמים און נאָכמער דערשראָקן: דען געוואוּסט האָבן זיי, אַז קיין פאַרלאַנג פון זיין הויכקייט איז נאָך נישט געבליבן נישט דערפילט. דעמאָלט זענען ס׳רוב זייערע אַוועק אַהיים און אָפגעשריבן אַ צוואה פאַר זייערע ווייבער און קינדער, וואָס זענען איצט אין גרויס סכנה געווען צו בלייבן אַלמנות און יתומים, און דערנאָך זענען זיי זיך צוזאַמענגעקומען און גענומען קלערן איבער די פליגל, מיט וועלכע דער מענטש זאָל זיך קאָנען פאַרמעסטן מיטן אָדלער פון הימל.

און גערופן האָט דער סולטאַן צו זיינע באַגלויבטע און זיי געפרעגט:

— וואָס טוען מיינע הונדערט און צוואַנציק חכמים, וואָס איך האַלט אויס אויף מיין הויף?

— אַ לבנה איז אַריבער, ווי דיינע הונדערט און צוואַנציק חכמים זיצן און קלערן... גרוי זענען שוין געוואָרן זייערע קעפּ פון טראַכטן איבער די וואונדערלעכע פליגל און קיין פליגל זענען נאָך נישטאָ.

איז אינדערשטיל אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, הונדערט און צוואַנציק זיידענע שנורן צו פלעכטן פאַר הונדערט און צוואַנציק חכמישע העלזער.

און ווידער האָבן די חכמים דרייסיק טעג און דרייסיק נעכט געקלערט. און ערשט אויפן סוף פון נאָך דרייסיק טעג מיט נאָך דרייסיק נעכט האָבן זיי געשיקט זאָגן דעם סולטאַן, אַז זיי האָבן אויפגעשטעלט אַזעלכע וואונדערלעכע פליגל, וואָס טראָגן דעם מענטשן ווי דער גרעסטער אָדלער.

— געדענק אָבער גוט, הערשער אַלמעכטיקער—האָט געזאָגט דער עלטסטער חכם—אַז ווען אַללאַ וואָלט דעם מענטשן פליגל באַשאַפן, וואָלסטו און דיינע ליכטיקע פּאָטערס די ערשטע געווען, וואָס וואָלטן זיי אָפּהאַקן געהייסן.

דאָס פאַרלאַנג אָבער פון סולטאַן איז שוין געווען געניג געטאָן האָט ער צו די רייד פון זיין חכם גאָרנישט פאַרנומען און נאָך ניינציק טעג צאָרן איז ער צופרידן אַנדרימלט געוואָרן.

און אים האָט זיך געחלומט די טעג, ווען זיין ערשטער פאַרלאַנג איז געווען זיך צו באָדן אין די וואַסערן פון די ווייטע שניי-בערג. מיילן לאַנג זענען געשטאַנען קנעכט געבויגענע, וואָס האָבן געגראָבן דאָס בעט פאַרן וואַסער פון די בערג. נאָר פויל זענען איצט געווען זייערע הענט און אַ מידקייט האָט אַרויסגעקוקט פון זייערע אויגן.

— הינט פוילע!—האָט ער אַ ברום געטאָן אויף זיינע אויפזעער — אַזוי דינט איר דאָס אייער האַר? זעקס לבנות שוין אַריבער, ווי דער סולטאַן וואַרט מיטן באָדן זיך אין די קאַלטע וואַסערן פון די שניי-בערג צוליב אייער פוילקייט! —

נאָר אַ בייז געלעכטער האָט אים געענטפערט. דאָס האָבן זיי, זיינע דינער צוזאַמען מיט די קנעכט אַזוי חוצפּהדיק געלאַכט.

— דערטרונקען אין זעק וועל איך אייך הייסן, פאַר די שאַקאַלן אייערע נבלות וואַרפן!—האָט געצאָרנט זיין הויכקייט. נאָר נאָך אַ מער חוצפּהדיק געלעכטער האָט זיך פון המון דערטראָגן:

— יאַניטשאַרן, ווי זענט איר, יאַניטשאַרן מיינע? די

שווערדן ציט!—האָט ער גרויזאַם באַפוילן. און איידער די ערשטע רייען האָבן אַרויסגעצויגן זייערע שווערדן, האָט ווי אַ כמאַרע זיך אויפגעהויבן דאָס גאַנצע עס־רב און איז אַוועקגעפלויגן, מיטטראָגנדיק מיט זיך דאָס בייזע געשפּאָט אין די וואָלקנס אַריין.

אַ ציטער פון כעס איז אַריבער איבערן לייב פון סולטאַן און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. נאָר רואיק האָבן געדרימלט די קעפּ פון די פּאַלמען אין דער היץ פון מיטן טאָג,—איז ער ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן אין שאָטן פון זייערע צווייגן.

און געהלומט האָט זיך אים איצט, אַז ער טרעט אויף ווייכע טעפּיכער, וואָס גלעטן זיינע טריט און ער האָט דער־שפּירט די צאַרטע ריחות פון אינדישע פּערפומען, דען ער איז אַריבערגעטרעטן דעם שוועל פון סולימאַ, זיין שענסטער חייבס געצעלט. דאָ, אין די שאָטנדיקע ווינקעלעך האָט זי געבענקט נאָך אים און ווען ער פלעגט קומען פלעגט זי טאַנצן פאַר פריידּ און ויינען פאַר בענקשאַפט.

נאָר די סריסים, וואָס זענען געשטאַנען, און טאָג און נאַכט געהיט, אַז קיין פרעמד מאַנסבילש אויג זאָל נישט פאַלן אַהער, האָבן אַצינד געדרימלט, אָנגעשפּאַרט אויף זייערע העק.

— איר הינט פוילע! אַזוי שטייט איר אויף אייער וואַך און היט אָפּ דאָס טייערסטע פון אייער הערשער? — האָט דער סולטאַן געצאָרנט.

— כע—כע—כע—האָבן געלאַכט די סריסים — סאַ נאַרישער אַלטער דו ביזט, מיר וואַכן ביי די טויערן און צו דיין סולימאַ קומט דיין יונגער וויזיר דורכן דאַך—אָט זע... און ווען דער סולטאַן האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט ער דערזען שוין בלויז דעם זוים פון קלייד פון זיין שענסטער ווייב, וואָס איז

אין בלויען הימל אַוועקגעפלויגן — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען דער סולטאַן און פּאַדישאַך האָט זיך אויפגע־כאַפּט איז ער געפאַלן אויף זיין פּנים און אויסגערופן:

— אַללאַ, איל אַללאַ!.. אַ לויב דיר, אַללאַ, וואָס האָסט נישט געגעבן קיין פליגל דעם מענטשן... —

און זיין ערשטער באַפעל איז געווען:

— צעברעכן די פליגל! —

# דער וואַנדערער.

ווען כריסטוס איז דורכן גרעדיכטן וואַלד אין דער פרומער שטאָט געגאַנגען האָבן די ביימער ווי אַ שטורעם פאַררוישט און דער וואַלד געיאָמערט. דאָס האָבן די מאַמעס־סאָסנעס באַוויינט זייערע יונגע ביימעלעך, וואָס זענען אונטער די שאַרפע העק פון די העקער איצטער געפאַלן שוועסטער־ווייז.

— וואָס ווילט איר פון די יונגע ביימעלעך, ליבע מענטשן? הערט איר נישט, ווי זיי קרעכצן פון ווייטיק, ווען איר שניידט זייער לייב מיט דער שאַרף פון אייערע העק?..

— וואָס רעדט ער דאָרט, דער פרעמדער וואַנדערער—האָבן די העקערס געלאַכט, — אַ ייד ביסטו, צי ווער־דאָרט, וואָס דו ווייסט נישט, אַז היינט ביינאַכט איז ווייַנאַכט, די געבורטס־נאַכט פון יעזוס כריסטוס פון בית־לחם — דאַרף מען יאָלקעס האָבן אויסצופוצן מיט ליכטלעך און שטערנדלעך איטלעך פרום הויז.

— אויפן מיסט וועט מען אונזערע קינדער וואַרפן אויסגעטרוקנטע און אָפּגעשיילטע אין אַ פּאָר טעג אַרום — האָבן געביטערט די אַלטע סאָסנעס — אונזערע בליהענדיקע יונגע ביימעלעך...

און דער וואַנדערער איז אַ אומעטיקער ווייטער געגאַנגען.

— לאָז געלויבט זיין יעזוס כריסטוס — האָבן אים לייט פאַגריסט.

— אויף דור-דורות...

דאָס זענען געווען פישערס, וועלכע האָבן איצט זיך אומגעקערט פון פאַנג.

— וואָס טראָגט איר דאָ, ליבע לייט? — האָט ער זיי גע-פרעגט, פאַרנעמענדיק אַ שטומען וויי, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון זייערע פולע זעק.

— פיש האָבן מיר אָנגעכאַפּט. היינט איז דאָך די גע-בורטס-נאַכט פון יעזוס כריסטוס פון בית-לחם... זאָלן פרומע מענטשן נישט פאַרגעסן אין אַלטן מנהג און הנאה האָבן פון גרויסן יום-טוב און עסן לעבעדיקע פיש. —

און אַוועקגעגאַנגען איז ווייטער דער וואַנדערער מיט אַ פּיין פון דעם גוססדיקן ציטערן פון די שטומע פיש אין די פישער-זעק ווי עס האָבן אים באַגעגנט פאַסטוכער, וואָס האָבן געטריבן סטאַדעס יונגע שעפּעלעך צוגענומענע ערשט פון דער מוטערס מילך.

— ווי טרייבט איר דאָס די יונגע שעפּעלעך, ליבע לייט?— האָט דער וואַנדערער געפרעגט.

— אין שטאָט אַריין, טרייבט מען זיי,—האָבן די פאַסטו-כער געענטפערט — עס איז דאָך היינט עפּעס ווייניאַכטן, היינט ווערט דאָך אונזער ליבער יעזוס כריסטוס געבוירן — לאָזן מענטשן זיך באַלעקן מיט יונגע ביינדעלעך... ערשט פון דער מוטערס מילך האָט מען זיי אַוועקגענומען, די שעפּסע-לעך... —

און געהערט האָט דער וואַנדערער דאָס רחמנותדיק רופן פון די מאַמעס-שעפּסן און פון זייערע קינדערלעך, וואָס וועלן

געשאַכטן ווערן היינט ברידער-ווייז לכבוד זיין געבורטס-טאָג, איז ער אַ פאַרחושכטער אַריין אין שטאָט.

פאַר אַ שיין הויז איז ער צוגעקומען. דורכן ליכטיקן פענסטער האָט ער געזען דאָס כריסטוס-בוים, וואָס האָט געברענט פאַר פאַרוויטיקטע פנימער, וואָס האָבן געשלונגען מאכלים פון באַשטעלטע טישן. האָט דער וואַנדערער אָנגעקלאַפּט.

לאַנג האָט געדויערט ביז אַ טיר האָט זיך געעפנט און אין שנייענדיקן דרויסן אַרויס האָט אַ פאַרפעצט קול געפרעגט:

— וואָס ווילסטו איצטער, וואַנדערער, אין אַזאַ קעלט?..

— אָנוואַרעמען זיך, ליבע לייט, און אַ לעפל עסן בעט איך ביי גוטע מענטשן — האָט דער וואַנדערער געזאָגט.

— אָט אַן עזה, אויסגעפונען אַ צייט צו שנאָרן — האָט דער מאַן אויף אים געשריגן — נישטאָ! אין אַזאַ יום-טוב קומסטו שטערן מענטשן זייער טיש — צי ווייסטו, עלנטער איינער, אַז היינט ווערט יעזוס כריסטוס געבוירן? שוין זאָלסטו מיר גיין פון דאַנען, וואָרים אַלע מיינע הינט וועל איך אָנרייצן אויף דיר... — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַרויף איז כריסטוס אין הימל. און באַגלייט האָבן אים דאָס געוויין פון די מוטער-סאָסנעס, דאָס גוסן פון די שטומע פיש, און די אָפּגעריסענע יללות פון די געקוילעטע שעפעלעך... און געפאַלן איז ער פאַרן כיסא-הכבוד און געוויינט:

— אָ, אַ מעת וואָלט איך נישט געבוירן געוואָרן, גאָט!..



— כאַ—כאַ—כאַ! — און אַ פייערדיקער געלער דריי-עק האָט אַ בליץ געטאָן.

— קוק, — האָט מעפיסטאָ געוויזן.

און פּאָוסט האָט דערזען: מאַן און פרוי. — נאַקעט זענען געווען זייערע גלידער, וואָס האָבן געהויכט מיט באַגער און גיריג איז געווען זיין בליק. און מעפיסטאָ האָט גע-שמייכלט.

— זע, פאַוסט: עפּל צייטיקע ווייז איך אים און זאָג, עס זענען אירע ברוסטן — און ער גלויבט... מיט איידל-שטיינער פאַרבלענד איך אים און זאָג, דאָס זענען אירע אויגן און אַזעלכע זעט ער זיי און אַ רויז ווערט פאַר אים איר מויל... מיט וויין באָד איך זייערע לייבער און צינד אָן דאָס באַגער. און אַ דור ווערט געבוירן, וואָס זיין אָנהויב בין איך — איך זינד, איך, מעפיסטאָ... — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער פייערדיקער געלער דריי-עק האָט אַ בליץ געטאָן און געביטן האָט זיך דאָס זעהונג.

אַ שטאָט האָט איצט זיך פאַר פאַאוסטן אַנטפּלעקט. אין איר מיט האָט מען אַ גרויסע געביידע געבויט. הונדערטער האָבן געטראָגן די ציגל און געקנעטן דאָס ליים, די רוקנס אונטער די שטיינער געבראָכן.

— אַ טעמפּל בוי איך דאָ — אַ הויז פאַר גאָט... — האָט מעפיסטאָ געזאָגט, ווייל איך זיץ אין ווינקל פון צעל דע-מאָלט, ווען דער הייליקער מאַן בלייבט אַליין, איך, און זאָג מיין וואָרט, וואָס פאַלט ווי אַ פייל אַ נישט געזעענע... אונ-טער זיינע אַקסלען שטיי איך דעמאָלט און זאָג: „רוּם! ווער באַרימט! בוי! — ברייט זאָל זיין זיין פאַרנעם, אַז מענטשן זאָלן פאַר וואונדער דערשטוינט ווערן! קאַרג נישט קיין

גאָלד! נעם פון אומעטום און ציר, ציר אויס די ווענט, אַז בלענדן זאָלן זיי, אַלטאַרן פון ריינעם גאָלד מאַך און הויך זאָל ער זיין, אַזוי הויך, אַז זיינע שפּיצן זאָל מען אויף מיילן זען — ווען אויף אייביק בלייבן דיין נאָמען צו רום און לויב!..״ —

און געוואָרן איז דאָס ווערק, אָט קוק: דעם הימל בויערן זיינע שפּיצן — דאָס האָב איך געמאַכט, איך גדלות, איך רום, איך הער-גייץ! — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— און וואָס איז דאָס?—האָט פאַוסט געפרעגט, דען ווי-דער האָט דער געלער דריי-עק אַ בליץ געטאָן פאַר זיינע אויגן.

בערג בויערט מען, וועגן לייגט מען, בריקן און שלעסער בויט מען — האָט מעפיסטאָ געשמייכלט, ווייל פאַרבלענדט האָב איך זיי מיטן גלאַנץ פון גאָלד... „פול — זאָג איך זיי — זאָלן ווערן אייערע זעק״ — בויען זיי אַ וועלט, שניידן דעם אָקעאַן און לעכערן בערג... און פריינטשאַפט זע איך צווישן פעלקער... אָט, ציילט דאָרט שיילאָק זיין געלט און טראָגט עס אַליין אַוועק צום גוי... און יאָהן בול גיט אַוועק דעם טויטאָנער זיין ערשט געשווירענע וואָל... ווייל איך האָב זיי דערציילט פון פּראָצענט... און ווען דו זעסט זייערע פּאַ-לאַצן, שטעט און דערפער — מיך זוך דאָרט. אין יעדן ווינקל שטיי איך, קלינג מיט מיין גילדענעם גלאָק און רוף — אַלץ איך — מעפיסטאָ!

# חוה.

א שלאָף איז געפֿאַלן אויף אָדמען, און איידער ער האָט צוגעטאָן זיינע אַפּלען, האָט ער זיין בליק געקוויקט אין די בוימען פֿאַרביקע שטראַלן, וואָס האָבן געשלאָגן פֿון די בערג קדם, וואָס זענען געווען באַשאָטן מיט רובינען און טאָפּאַזן, דימענטן און סאַפּירן.

פֿאַר אים האָבן פֿייגלעך געשטיפֿט משפּחות פֿון פֿאַזאַנען, סטאַדעס שטרויסן און רעניפֿערן, פֿוקסן און קרוליקלעך פֿון אַלע מינים. איבער די בוימער זענען פֿייגלעך אַרומגעפֿלי־גען פּאַוועס און גן־עדן־פֿייגל מיט עקן ווי לירעס, מיטן גלאַנץ פֿון רעגנבויגן אין זייערע פֿעדערן; און אין וואַסער האָבן פֿרייליך זיך געפּליעסקעט די שטיפֿערישע פֿאָקעס.

און אַנטשלאָפֿן איז געוואָרן אָדם מיט אַ שלאָף אַ שווערן, אַ שלאָף אַ טיפֿן. און געוואונדערט האָבן זיך פֿויגל און חיה:

— וואָס שלאָפֿט אַזוי לאַנג אָדם? — שוין לאַנג איז די זון אַרויס פֿון די קדם־בערג און ער האָט נאָך נישט געבאָדן זיך מיט זיינע ליבע פֿאָקעס אין וואַסער, נישט געשפּילט זיך מיט די פֿייגל־לירעס און נישט געריטן אויפֿן לייב — אין בער־בעקטע נאָכן מענטשנס נאָכנטשלאָפֿט זענען זיי געקומען צו זיין געלעגער אויפֿוועקן אָדמען; נאָר דערשראָקענע זענען זיי

אָפּגעטרעטן: אָדם איז מער נישט געווען אַליין... מיט לאַנגע פיס זענען אַנטלאָפן די שטרויסן, מיט אַ לייכטן טריט די רעניפערן; מיט אַ גרויזאַם ברומען איז אָפּגעטרעטן די פּאַנטערע און מיט אַ פּליעסק אין וואַסער — די שטיפערישע פּאָקע. און ווען אָדם איז אויפגעשטאַנען איז אַלץ אַרום געווען שטום און לער. און כאָטש די זון האָט ווי נעכטן געשיינט מיט גילדענע בינטן ליכט, זענען די קדם-בערג געווען מאַט און גרוי; כאָטש די ביימער האָבן זייערע סאַמעטענע שאָטנס געשפּרייט, האָט קיין לירע-פויגל נישט שעמערירט און קיין פוקס איז נישט געקומען נאַשן פון אָדמס הענט קיין טרויבן. — שטום און לער איז געווען אַרום.

איז אָדם געגאַנגען פעלד-איין פעלד-אויס, וואַלד-איין וואַלד-אויס, בערג-איין בערג-אויס. און אַנטלאָפן איז אַלץ פון אים און אויסגעמיטן: אין וואַלד האָט זיך באַהאַלטן דער פוקס און צווישן שטיינער דער קראָליק. ער האָט געזען, ווי משפּחות-ווייז האָבן געוואַנדערט פּאַנטערן און געצויגן צו דער זייט פון די שטיינערנע קדם-בערג, און אין דער מדבר זענען אַנטלאָפן די שטרויסן; צו דעם ווייטן קאַלטן ים זענען אַנטרונען זיינע ליבע פּאָקעס און צום אייביקן אייז — די שיינע האַרנדיקע רעניפערן.

— וואו לויפט איר, טייערע, ווי לויפט איר, ליבע? — האָט אָדם אין זיין פאַרוואונדערונג געפרעגט.

— פאַר דיר אַנטלויפן מיר, אָדם. מורא האָבן מיר איצט פאַר דיר; אין די ווייטע בערג גייען מיר, וואו דיין פוס וועט אונז נישט דערגרייכן. און כאָטש דער אייביקער הונגער הערשט דאָרט, אַנטלויפן מוזן מיר: דיין ווייב, אָדם, וויל אונזער פעל פאַר אַ מאַנטל האָבן — האָבן געוואָיעט די פּאַנ-

טערן. און נישט פאַרשטאַנען האָט איצט אָדם דאָס וואָיען פון די פאַנטערן.

— וואו לויפט איר, טייערע, לאַנג-פוסיקע, שיין-פעדער-דיקע?—האָט אָדם נאָך מער פאַרוואונדערט געפרעגט די סטאַדעס שטרויס.

— אין דער מדבר אַנטלויפן מיר, אין זאַמד אונזערע קעפּ צו באַהאַלטן אויס מורא פאַר דיר, אָדם. אונזער שונא ביסטו פון נעכטן אָן געוואָרן... און כאָטש דער אייביקער דורשט ברענט דאָרט, אַנטלויפן מוזן מיר: דיין ווייב גלוסט זיך אין אונזערע פעדערן צו פוצן... —

און נישט פאַרשטאַנען האָט איצט אָדם די שפּראַך פון די שטרויסן — און אַ פאַרצווייפלטער געפרעגט די דורכוואַנדערנדיקע רעניפערן:

— וואו וואַנדערט איר, טייערע, שיין-האָרנדיקע? —

— אין די קאַלטע מדבריות אַנטלויפן מיר, אַז נישט פאַנגען זאָל אונז דיין שטייג און נישט טרעפן דיין פייל: פון נעכטן אָן ביסטו אונזער שונא געוואָרן — עס וויל דיין חוה אונזער פעל אויף שיכלעך האָבן... און כאָטש די אייביקע קעלט שניידט דאָרט — אַנטלויפן מוזן מיר פון דיר, אָדם...

און געגאַנגען איז אָדם אַליין. און איצט האָט ער דער-וען, אַז אויף די בערג האָבן באַהאַלטן זייערע איידל-שטיינער און דאָס זאַמד האָט פאַרשלונגען זיין גאָלד... און ווען ער איז צוגעקומען צום אָרט פון זיין געלעגער האָט ער דערזען איר. אין אַ פּאָקענעם מאַנטל זענען געווען אירע לענדן געהילט, שטרויספעדערן האָבן איר קאָפּ פאַרפוצט און די אָרעמס און האַלז — אין דימענטן און אין גאָלד פאַרצירט און ביי איר צופוסנס האָט גערוט די שלאַנג...

## הערנער אונטער דער קרוין.

אײנמאָל האָבן אַלע קלויסטערגלאָקן פון דער גאָטסבאַרעכטיקער הויפּטשטאָט פאַרקלינגען, און די העראָלדן האָבן באַרופן פאָלק די בשורה צעטראָגן, אַז די מלכּה האָט דעם מלך אַ יורש־אַבר געבוירן, אַ געקרוינטן שוין פון זיין מוטערס לייב. דען אַזוי זענען אַלע פון דער דינאַסטיע „שוואַרצן אָדלער" געבוירן געוואָרן, געקרוינטע שוין פון זייער מוטערס לייב, ווי עס איז בפירוש געשריבן געווען אין די ביכער פון מלכות.

און די רייטער, וואָס זענען שוין דריי טעג מיט דריי נעכט גרייט געשטאַנען האָבן פייל־פון־בויגן אין אַלע עקן פון דער מדינה זיך צעלאָזן און די גוטע בשורה צעטראָגן, אַז אַ קיסר איז געבוירן געוואָרן, אַ געקרוינטער שוין פון זיין מוטערס לייב, אויף לאַנגע יאָרן.

און שוין זענען אויפגעשריבן געווען און אויסגעצייכנט די סודותדיקע האָראָסקאָפּען דורך די הויפישע שטערנזעערס, וואָס האָבן דערציילט פון זיין מאַכט איבער די לענדער פון דער האַלבער־לבנה הערשאַפט און האָבן איינס נאָכן אַנדערן געפּלייענט דאָס פּאַרן מלכס וועגן:

„און דער הערשער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ גע־קרוינטער שוין פון זיין מוטערס לייב...

„וועט אַ פייל זיין זיין וועג און אויף נצחון וועט ער רייטן...

„און בלוטיקן וועט די ערד און רויט וועלן ווערן די טייכן ..

„און אין קייטן וועט ער פעלקער בינדן...

„און קרעכצן וועט די ערד און טונקלען וועלן די הימלען...

„דען גרויס און מוראדיק וועט זיין זיין מאַכט".

אַזוי האָבן די שטערנזעערס געלייענט פאַרן מלך.

און חסדים האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון מלכס האַנט איבערן לאַנד ווי אַ רעגן. אַזוי איז אין זעלבן טאָג נאָך באַפעלן געוואָרן, אַראָפּצונעמען די קייטן פון די שיפס־קנעכט, אַז זייערע לייבער זאָלן מער נישט פוילן פון דעם איינגעגעסענעם אייזן; אַז די ווידערשפעניגסטע און פון גאָט פאַרשאָלטענע יידן זאָל מען אַרויסלאָזן פון די הייליקע פיין־קעלערס און אומקערן זייער געלט און סחורות; אַז די הונדערט מכשפות, וואָס האָבן נאָך אין דעמזעלבן טאָג באַדאַרפט פאַרברענט צו ווערן, זאָלן געמשפט ווערן מיט אַ גרינגע שטראָף... און נאָך און נאָך אַ סך חסדים זענען צוגעזאָגט און פאַרשריבן געוואָרן דורך דעם מלכס שרייבערס צום פרייד פון גאַנצן לאַנד. און פון די גרויסע מאָלצייטן, וואָס זענען געגעבן געוואָרן פאַרן המון זענען די דערציילערס מיד געוואָרן דערציילנדיק... אַזאַ שמחה איז געווען!

נאָר איין מענטש, איז געווען טרויעריק, און דאָס איז געווען די מלכה אַליין.

זינט זי האָט מיט גנאד געבוירן דעם קרוין־יורש איז זי אַרומגעגאַנגען טרויעריק און אַליין ארומגעטראָגן דעם ניי־

געבוירענעם, קיינעם נישט צוגעלאָזן צו אים און אין דער שטיל געוויינט.

האָט מען דאָס דעם מלך דערציילט.

האָט ער געשיקט זיינע הערן און דאָ איז אַנטפּלעקט געוואָרן אַ מוראדיקער סוד: אַז אונטער דער קרוין, אין וועלכער דער ניי־געבוירענער איז אַ געזאַלבטער אויף דער וועלט געקומען, האָט די מלכּה דערזען וואַקסן צוויי הערנער, אַזוי ווי להבדיל ביי אַ יונגן באָק...

האָט דער מלך געשיקט נאָך די שטערנזעערס און זיי געפרעגט:

– צי האָט איר נישט געזען אין לויף פון די שטערנס עפּעס אַ צייכן, וואָס זאָל דערמאָנען וועגן הערנער אונטער אַ קרוין?..

– הערנער אונטער אַ קרוין? – האָבן די אַסטראָנאָמען געשטוינט – דאָס האָט נאָך קיינער נישט געזען.

– איבעריקנס, איז מען זיך נישט נוהג אַרונטערצוקומען אונטער אַ קרוין – האָבן זיי געשאָקלט מיט די קעפּ.

האָט דער מלך גערופן צו אַלע חרטומים און אַלע דאָקטוירים. עס זענען אַפילו גערופן געוואָרן רבנים און שלאַנגען־שפּרעכער און די הייליקע פון אַלע אמונות פון דער גאַנצער גרויסער מדינה און אירע אַלע אונטערגעוואָרפענע לענדער. און דריי טעג און דריי נעכט האָט מען געראַטן. פאַרשעמטע האָבן די שטערנזעערס געוויקלט זייערע פאַרמעטן מיט די עיגלן פון די שטערנס; און די דערווישן מיט די רבנים האָבן אומבאַהאָלפן געגלאָצט מיט די אויגן און די הייליקע פון קלויסטער האָבן זיך שטום געצלמט.

שוין אַלע ווייַרעכן אויסגערויכערט, און אַלע שפּרוכן אויסגעזאָגט, און אַלע קללות אויסגעשפּליגט, און אַלע הייליקע סמנים אויסגעצאַנקט האָבן שוין געהאַט די דערווישן און אַלע הייליקע פון דער מדינה. און אָט וואָלט דער צאָרן פון מלך זיך אויסגעגאָסן אויף זיינע חכמים, ווען נישט די הייליקע פון קלויסטער, - וואָס ווייסן אַלץ – און האָבן פריהער פאַר אַלע נאָך געזאָגט: אַז געוויס האָט זיך די מלכּה מיט אַ שד באַהאָפטן און האָט דעריבער אַ שד געבוירן.

דאַרף מען איר מיטן געבוירענעם אין פייער פאַרברענען.

און אַ טרויער האָט זיך פאַרטראָגן אומעטום איבערן הויף און אַ אימה איז געפאַלן אויפן לאַנד. און נאָך איידער די שרייבערס האָבן די חסדים פון מלך אויפן פּאַרמעט פאַרשריבן, האָבן שוין אין וואָלקנס זיך געוויקלט די שטויבן מיט די ברענענדיקע מכשפות. און ווידער האָבן די רעדער געבראָכן די אברים פון די ווידערשפּעניגסטע יידן; און ווייטער האָבן די קייטן זיך געגעסן אין די לייבער פון די געבונדענע שיף-קנעכט.

און עס איז געקומען דער טאָג, ווען די מלכּישע טרומפייטער האָבן דאָס פאָלק גערופן אונטערן טורעם פון געפענגעניש. און געקומען זענען יעצט אַלע פון זיידנס געגורטעטע ביזן לעצטן פערד-יונג, צוצוזען דאָס אויספירן פון גערעכטיקייט.

און געצונדן זענען שוין געווען די שטורקאַבן און די הייליקע מערתים האָבן שוין צוגעברענגט די פעסער פעך, אַז דאָס פייער זאָל ברענען גרויס און הויך. און געקלינגען האָבן די גלאָקן, און געפאַלן איז ס'פאָלק אויף די קני און די האַרן האָבן די קעפ געבויגן פאַר דער גרויסער זאַך פון גערעכטיקייט, וואָס האָט באַדאַרפט באַלד פאַר זייערע אויגן דערשיינען.

און דאָ איז עפּעס געשען:

ווען דער מלך האָט זיין קאָפּ געבויגן, האָט זיך די קרוין אַ וואַקל־געטון און אַראָפּגעפאַלן.

און ווי, וואָס דאָס פאָלק האָט דערזען:

צוויי שפּיציקע, האַרטע הערנער זענען פאַרדרייטע געווען אונטער דער קרוין!.. — — — — — — —

און שטיל איז זיך צעגאַנגען ס'פאָלק נישט זעענדיק [illegible] פייז וואונדער.

און אַ טרויער האָט גערוט אויפן לאַנד. ווען זיך דערוויסט האָט ס'גאַנצע פאָלק, אַז הערנער וואַקסן אונטער דער קרוין...

— — — — — — — — — — — —

דעמאָלט האָבן די הייליקע און חכמים פאַרשריבן, אַז קיינער טאָר נישט אַרונטערקוקן דעם מלך אונטער דער קרוין, מיט וואָס עס הייבט זיך אָן יעדער בוך פון מלכות, און האָט דאָס גילט נאָך פֿאַר אַ געזעץ ביזן היינטיקן טאָג.

## דער כופר פון לאַנד שין.

אין לאַנד שין האָבן אַמאָל געוווינט גרויסע חכמים, וואָס האָבן געוווּסט אַלץ, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט. און דאָס האָבן זיי איבערגעגעבן זייערע קינדער און קינדס-קינדער דורך דעם, וואָס זיי האָבן דאָס, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט, אויפגעקריצט אויף שטיינערנע לוחות אין פּאַסעקלעך און פּינטעלעך, ווייל זיי האָבן געקאָנט די קונסט פון שרייבן.

און אָט די שטיינערנע טאָוולען זענען געווען, פאַרשטייט זיך, זייער הייליק פאַר איטלעכן פרומען תושב פון לאַנד שין אַזוי, אַז דאָס אָרט אַפילו ווו די לוחות זענען געשטאַנען איז הייליק געווען און אַלץ וואָס האָט זיך אין די לוחות אָנגע-רירט און יעדערער, וואָס האָט זיך צו זיי צוגערירט איז היי-ליק געוואָרן.

און דעריבער האָבן פּשוטע מענטשן אַהין נישט געקאָנט צוטרעטן.

און וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט פלעגן באַ-שיידן די גרויסע חכמים, וואָס האָבן געקאָנט די חכמה פון לייענען און פלעגן טאַקע פון צייט צו צייט באַטרעטן דאָס הייליקע אָרט. און אַלץ וואָלט גוט און ווויל געווען, ווען נישט **איין זאַך**:—דער אייביקער שטויב.

אָט דער שטויב, וואָס פאַלט מיט אַזאַ שטאַרק פון הייליק אָן אין די הייליקע ערטער, האָט פון יאָר צו יאָר זיך אָנגע-זעצט מיט אַ גרויען הויך אויף די לוחות און פון יאָר צו יאָר געוואָרן מער העכער און העכער. און ווען עס פלעגט אַמאָל אַריינקומען אַ חכם צו זען, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט, האָט ער געמוזט אָנשטעלן דינע האָרן-ברילן, כדי צו זען דורכן שטויב, וואָס עס איז געשריבן אויף די הייליקע לוחות. און עס איז טאַקע גרינגער געווען צוזעצן בעסער די אויגן איידער אָפּצווישן דעם שטויב, וואָס איז גע-ווען הייליק ווי די טאָוולען אַליין, און אפשר נאָך הייליקער...

און אַזוי איז דער שטויב געוואַקסן.

פון יאָר צו יאָר איז ער געוואָרן העכער און גרויער, אַריינגעדרונגען אין איטלעכן שפּעלטל פון די געקריצטע אותיות און עס פֿול געמאַכט מיט אַ גרויע הויט. און די שפּין, די שטענדיקע איינוווינערין פון די הייליקע ווינקעלעך, האָט פאַר-צויגן איר שפּינוועבס איבער די אותיות און פאַרהאָנגען זיי מיט אַ געשטריקטן פרוכת, וואָס איז שווערער געוואָרן פון יאָר צו יאָר. און ווען אַ חכם פלעגט קומען, האָט ער שוין אַפילו דורך די האָרן-ברילן נישט געקאָנט דערקאָנען די צייכנס אויף די טאָוולען. פלעגט טרעפן, אַז אויף אַ „בית" פלעגט ער לייענען „כּ" און אויף אַ „י" — „ו", פלעגט דעריבער אויסקומען, אַז דער זון האָט נישט געטאָרט דאָס, וואָס דער פאָטער האָט נאָך געמעגט.

און ווען דער שטויב און שפּינוועבס זענען אַזוי אָנגע-וואַקסן, אַז די חכמים האָבן שוין גאָרנישט דערקאָנט, וואָס אויף די לוחות זענען געקריצט, האָבן זיי צוזאַמענגערופן אַ גרויסע אסיפה, כדי זיך צו באַראַטן וואָס צו טאָן, אַז מען זאָל וויסן, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט.

— רבותי, חכמים פון לאַנד שין — האָט דער ערשטער חכם אָנגעהויבן — זייט וויסן, אַז די הייליקע לוחות, וואָס זייערע אותיות פליגן אונז שטענדיק וואר זאָגן, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט, זענען אין זייער הייליקייט שוין נישט צו דערקענען. דען עס רוען אויף זיי די הייליקע שפּי־נען מיט זייער שפּינוועבס און הייליקן שטויב פון הונדערטער יאָרן. זאָלט איר ראַטן, חכמים, וואָס צו טאָן, כּדי צו ענטפערן דאָס פאָלק ווען עס קומט פרעגן, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט.

— מען דאַרף עפענען אַ לאָך אין דאך ווערט אַריין מער ליכטיקייט, אפשר וועט מען עפּעס דערזען, — האָט איינער געראַטן.

— ליכטיקייט אין אַ הייליק אָרט? — האָט זיך אָנגערופן פאַרווונדערט דער עלטסטער חכם — אין אַ הייליק אָרט דאַרף שטענדיק זיין טונקל, אַ בין־השמשות, אַזוי איז פון קדמונים אָן אין אַלע הייליקע ערטער.

— לאָז מען רופן מענטשן מיט שאַרפע אויגן און זאָלן זיי זען — האָט נאָך איינער געראַטן.

— ביי אונז זענען אַלע קורצזיכטיק. גוטע אויגן געפינט מען צווישן פּראָסטן פאָלק און זיי טאָר מען דאָך אין אַזאַ הייליק אָרט נישט אַריינלאָזן.

אַזוי האָט מען געראַטן. קלוג זענען געווען די עצות פון די חכמים און נאָך קלוגער זענען געווען די ענטפערס פון די פּריסטער, ביז עס איז ענדלעך געפאַלן אַ האַרב וואָרט:

— אָפּרוימען דעם שטויב! —

אַ ציטער איז אַריבער איבער אַלע חכמים. אַ וויילע האָבן אַלע געוווּנדערט זייערע בליקן צום אָרט, ווו עס איז געזעסן דער, וואָס האָט די ווערטער גערעדט. עס איז געווען

אַ יונגער חכם וועמען עס האָט קיים געשפּראָצט אַ באָרד און וואָנסן.

– אָפּרוימען דעם הייליקן שטויב ? – האָט זיך מיט צאָרן אָפּגערופן דער עלטסטער – ווער וואַגט אַזעלכעס גאָר פאַר זיין מויל צו ברענגען.

– אָט דער ייִנגער דער כופר...

– אָפּרוימען דעם הייליקן שטויב? – האָבן אַנדערע געצאָרנט – אָט דער הייליקער שטויב, וואָס האָט נישט זיין גלייכן ביי קיין עם-ולשון און וואָס נאָר מיר, דאָס פאָלק פון שין האָבן אַזעלכעס?

– ווייל מיר, דאָס פאָלק פון שין זענען די אויסדער-וויילטע פון אַלע פעלקער! – האָבן אַנדערע אונטערגעכאַפּט.

– זיין טויזנטער יאָרן – האָט מיט אַ הייליקן צאָרן אין זיינע אויגן גערעדט דער עלטסטער חכם—ווי מיט מסירת-נפש היטן זיך דעם שטויב, אַז קיין ווינט זאָל אים נישט צעפּיאָגן, און קיין שטורעם זאָל אים נישט אָפּמעקן... און דאָ קומט...

אין פייער הייבן זיך אונזערע אָבות פאַר אים גע-ברענט! – האָבן קולות געשריגן.

– מיטן ברויט פון אונזערע מיילער האָבן מיר די הייליקע שפּינען געשפּייזט – האָט דער עלטסטער פון די חכמים געצויגן – אַז זיי זאָלן דעם הייליקן פּרוכת פון שטויב און שפּינוועבס איבער די לוחות וועבן... און דאָ...

– אין חרם דאַרף מען אים אַריינוואַרפן, דעם כופר!

– פאַרשטיינען דאַרף מען אים!

און אַזוי איז געשען: דעם כופר האָט מען עפנטלעך פאַרשטיינט. און דערנאָך האָט מען ווייטער געראַטן נאָך דריי טעג מיט דריי נעכט. ערשט פאַר שחרית פון פערטן טאָג איז

מען געקומען צום הסכם: אַז היות די לוחות רוען אונטערן הייליקן שטויב און די חכמים ווייסן נישט קלאָר, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט — — — טאָר מען קיין זאַך נישט.

און דאָס געזעץ פּילט נאָך אין לאַנד שין ביזן היינ־טיקן טאָג.

## דריי בעדואינער.

בעתן אָפּרוהען פון די קעמלען האָט הארון-על-קערים דערציילט:

— פון וועמען איז דער מוראדיקער סאמום, אָ, געלערנטער מאן און האַר אונדזערער? — האָט געפרעגט דער אָרעמער אבדול ביים מופטי, וואָס האָט געשמט מיט זיין חכמה איבער דער גאַנצער מדינה.

— פון זיין הויכקייט וואָס לעבט אייביק, אַללאַ, אונדזער גאָט, געלויבט זיין נאָמען אויף דור דורות — האָט געענטפערט דער געלערנטער מופטי.

— ער האָט מיר, דיין קנעכט, אַלע זיבן מאָל זיבן ברונימער פאַרשאָטן אין איין נאַכט מיטן שטעכנדיקן זאַמד פון דער מדבר. — האָט געקלאָגט אבדול — מיינע זיבן-מאָל-זיבן ברונימער, וואָס איך האָב מיטן שוויס פון מיין שטערן געגראָבן זיבן-מאָל-זיבן יאָר.

— מסתמא האָסטו דאָס וואַסער אין זיי פאַרשלאָסן פאַר די עולי-רגל, וואָס וואַנדערן צו דער הייליקער מעקאַ דורך דער מדבר, — האָט געזאָגט דער מופטי.

— איך בין נישט מער ווי אַ קנעכט און איך טאָר נישט פאַרשליסן.

— האָט עס דיין האַר געטון

— ניין — האָט געזאָגט אבדול — עס האָבן פון זיי די לײַמפּלאַך פון אַלע פאַסטוכער געטרונקען, און יעדער וואַנדערער האָט ביי זיי זיין ברענענדיקן דורשט געשטילט.

— מסתמא האָסטו אויף זיי נישט ערלעך געאַרבעט — האָט ווייטער געזאָגט דער מופטי.

— ווייַ איז צו דיין קנעכט — האָט געביטערט דער אָרימער אַבדול — בייטאָג די זון און ביינאַכט די קעלט האָבן אויפגע־פּרעסן מיין לייב און דער הונגער מיינע געדערים, ווען איך האָב זיי געגראָבן. זיבן-מאָל-זיבן יאָר האָב איך זיי געגראָבן כדי צו באַקומען פרייהייט ביי מיין האַר, כאָטש אויף איין טאָג פאַר מיין טויט, און מאָרגן וואָלט איך אַ באַפרייטער די זון באַגעגנט, האָט דער שטורעם אַלע ברונימער פאַרשאָטן... ווייַ איז צו דיין קנעכט.

האָט דער מופטי געקלערט און געקלערט, און צום סוף זיך געזאָגט:

— גרויס איז אַללאַ און גרויס איז זיין כוח! אין פרייען דאַרפסטו זיך, אבדול, אין פּאַלן אויף דיין פנים, וואָס אַללאַ האָט דיר, אַ פשוטן פעלאַך, זיין כוח באַוויזן... זיבן-מאָל-זיבן יאָר האָסטו געגראָבן, בייטאָג און ביינאַכט, און אַללאַס כוח האָט עס מיט איין מאָל פאַרשאָטן. — גרויס איז אללאַ און גרויס איז זיין כוח...

האָט אַבדול געהערט, ווי קלוג עס רעדט, דער מופטי, און איז געפאַלן אויף זיין פנים און געקושט דעם שטויב פון זיינע פיס. און דערנאָך איז ער אַ פרייַלעכער אַוועקגעגאַנגען אין זיין

אוויטער אָאַזע, לויבנדיק אַללאַ, וואָס האָט אים, אַ פשוטן פעלאַך, באַחוזן זיין גבורה און פאַרשאָטן זיינע זיבן־מייל־זיבן ברונימער אין איין נאַכט, וואָס ער, אַ קנעכט, האט געגראָבן זיבן־מאָל־זיבן יאָר.

ח

— וואָס איז נאָך אַזוי זיס, ווי דאָס וואַסער אין דער מדבר — און בעתן אָפּרוען פון די קעמלען האָט דער ערשטער, אַבדול, דערציילט פון אַ ווייטן געזאַלצענעם מדבר. און טריט ביי טריט ציט אַ קאַראַוואַנע באַלאָדנט מיט געווירצן און גאָלד, טעפּיכער און שטאָלן געווער. און אויבן גליט אַ זון, וואָס טריקנט אויס דאָס בלוט און אונטן ביי איטלעכן טריט צעבלאָזט זיך אַ געזאַלצן אַש — דאָס זאַמד פון דער מדבר. און לאַנג פאַרשוואונדן איז שוין דער לעצטער טראָפּן פון די וואַנדערערס לאָגלען און דער פאַרהוילענער וועג איז אויסגעזייט שוין מיט די קעמלען פון דער קאַראַוואַנע, געהרגעטע פון די פּירערס אייגענע הענט צוליבן מאָגן וואַסער, וואָס די שיף פון דער מדבר — דאָס מויל־אייזל — האָט אין זיין איינגעווייד... און ווייט איז נאָך דער וועג צו דער אָאַזע פון די קאַראַוואַנען צום באַהאַלטענעם קוואַל צווישן פאַלמען, ווייט...

און פּלוצלונג — רייטער אויף מויל־אייזלען!

זענען זיי ציגעפאלן, די וואַנדערער, דורשטיקע:

— געלויבט איז אַללאַ און זיין נביא מחמד!... אַ טרונק, גלויביקע, איין שלונג, מיר שטאַרבן פאַר דורשט, אָט הענגען נאָך אייערע לאַגלען פולע.

— מיר האָבן קוים פאַר זיך, האָבן זיי געענטפערט.

האָבן די וואַנדערער מיט פאַרברענטע ליפּן געבעטן:

— גאָלד פירן מיר, נעמט עס אייך און גיט אַ שלונג וואַסער, און טעפיכער פירן מיר, וואָס זענען ראוי פאַרן קאַלי אליין און שטאָלן געווער...

— מיר האַנדלען נישט מיט קיין וואַסער — האָבן זיי געענטפערט — און אַ געזאַלצענער שטויב האָט זיך איפגעהויבן פון זייערע קעמלענס טריט... נאָר דאָ האָט אַ קיל אַ פייף געטון אין לופטן און בלאַנקע מעסערס און קרום-שאַרפיקע יאַטאַגאַנען האָבן פאַרגלאַנצט... און אויף די נבלות פון מענטשן און קעמלען האָבן די וואַנדערער געטרונקען וואַסער, וואָס איז געווען טייערער פון גאָלד און טעפיכער און שטאָלן געווער. — דען וואָס איז נאָך אַזוי זיס ווי וואַסער אין דער מדבר...

— וואָס איז נאָך אַזוי זיס, ווי דאָס ווייב און שאָטן פון דער פאַלמע — אין בעתן אָפּרו פון די קעמלען האָט דער צווייטער, ראַחים, דערציילט פון אַ שאָטנדיקע אָאַזע — אַ גרין געבענטשט בלאַט, געוואָרפן פון אַללאַ אויפן גליהיקן זאַמד פון דער מדבר.

און אַ טאָכטער אַ שוואַרצאויגיקע גייט צום ברונעם, טראָגט איר קרוג אויפן קאָפּ.

און אָט פאָרן-אָן רייטער אויף ברענענדיקע פערד אין בייטאָגיקן זאַמד.

· קום מיט אונדז — זאָגט איינער — זע ווי געצירט עס זענען אונדזערע פערד.

— קום מיט אונדז — זאָגט דער צווייטער — זע, גאָלדענע זענען אונדזערע קינזשאַלן און זילבער אונדזערע שפּאָרן.

— ניין — זאָגט דאָס מיידל — פאַרקנסט האָט מיך שוין מיין פאָטער — און שטאָלץ דערהויבט זיך איר קרוג אויפן וועג צום קוואַל.

נאָר ווי דער זאַמד אַזוי גליען שוין די בלוטן פון די רייטער און פאַרצוקט איז דאָס ווײַב געוואָרן אין שאָטן פון דער פּאַלמע...

— דען וואָס איז נאָך אַזוי זיס, ווי דאָס ווײַב אין שאָטן פון דער פּאַלמע...

און דער דריטער, דער עלצטער, אַכמעד, האָט געשמייכלט:

— זיס איז דאָס וואַסער אין דער מדבר און זיס איז דאָס ווײַב אונטער דער פּאַלמע, נאָר ביידע — גערויבטע...

## אַרמוזדס טרערן.

די נאַכט האָט איינגעהילט די ערד. אין איר ליליען שלייער האָבן זיך געדעקט .די פלאַכע דעכער פון די הייזער, די מינאַרעטן און די קופאָלן פון סולטאַנס פּאַלאַצן. שוין לאַנג ווי דעם מולאס קול האָט די גלויביקע צו מעריב גערופן. און ווי פאַרשלאָפן האָבן דערברענט די ליכט פאַר דער חופּה-בעט און באַלויכטן דאָס ערנסט פּנים פון סולטאַן און געפינקלט אין די צירונג פון שעכערעזאַדע. און צום דריטן מאָל האָט שוין דאָס זאַמד אין דער קלעפּסידרע זיך איבערגעשאָטן און זי האָט געצויגן:

אָ, גרויסער סולטאַן!

טויזנט נעכט ווי גאָט פון הימל און ערד, אַללאַ, וואָס לעבט אייביק און אין אַלע דורות האָט מיר פון זיינע געדאַנקען אָפּגעטיילט צום רו פאַר דיינע ברעמען און שלאָף פאַר דיינע אַפּלען. וועל איך איצט, צום טויזנט און ערשטן מאָל דערציילן, וואָס איז אַמאָל געשען אין טיגריס-לאַנד, די מוטער-ערד פון דיין דינסט און קעפּסווייב שעכערעזאַדע...

... און טויזנט יאָרן, טויזנט יאָרן האָט שוין די מלחמה געדויערט, די מלחמה פון די גרויסע געטער פון טיגריס-לאַנד, פון גוטן אָ ר מ ו ז ד און פון בייזן אַ ר י מ אַ ן. זעגען פון זייערע אויגן בליצן געשפּרינגען, פון זייערע נאָזלעכער האָבן וואָלקנס

רויך געזעצט און דונערן האָבן געשאַלט — טויזנט יאָרן נאָך אײידער דער טיגריס־טייך און פרת זענען צום ים געלאָפן...

און אַ יאָמער־קלאָג פלעגט צו ארמוזדס אויער זיך דער־טראָגן — אַ יאָמער פון דער טיגריס־ערד.

אויפן הימל די געטער און אויף דער ערד די מענטשן האָבן מלחמה געפירט, און הויך איז דער יאָמער פון די גע־פאַלענע געשטיגן.

און איז אַ ווײ־געשריי צום הימל דערגאַנגען, פלעגט דער גוטער גאָט זיך צוהערן און צווײ גרויסע, גרויסע טרערן פון זײן אויג פאַלן לאָזן אויפן גורל פון דער טיגריס־ערד.

— ארמוזדס טרערן...

— אָ, גרויסער סולטאַן! שטאַרק איז דער כוח פון שלעכטס און גרויס איז זײן ממשלה

ווײל מיט די טרערן פון די גערעכטיקע טוט עס זיך אָנטרונקען, כדי דאָס בײז צו פרוכפערן. וועל איך דיר דער־צײלן דעריבער, וואָס ס'איז אין דעם טיגריס־לאַנד געשען און ווי אמת עס זענען די רייד פון שעכערעזאַדע:

... און ווייט אין דער מדבר האָט אַ ווײנשטענגל געבליט.

ווילד איז עס געווען און דאַר; אָן וואַסער, אונטער דער ברענענדיקער זון.

האָט עס אין סאַמומען אַ טראָפּן טוי געזוכט, האָט עס אַ שאָטן בײ אַ שטײן געבעטלט.

און גוסן האָט דאָס ווײנשטענגל גענומען...

נאָר ווען עס האָט שון דעם לעצטן זיפּ אַרויסגעלאָזט האָט זיך אַ דונער צעשאַלט און צווײ גרויסע, גרויסע טראָפּנס זענען אויפן שטענגל געפאַלן.

— אַרמוּזדס טרערן...

האָט זיך דאָס שטענגל אָנגעטרונקען. און כאָטש געזאַלצן זענען די טראָפּנס געווען און ביטער, האָט עס זיינע בלעטער פאַר דער זון געשפּרייט, הויד אין דער מדבר געגרינט און גאָלדענע טרויבן געבוירי



זענען דורך דער מדבר צוויי קריגער באַוואָפנט געצויגן. צוויי קריגער, צוויי גבורים פון מעכטיקן שאַך, וואָס האָט בלוטיקע מלחמות געפירט און נצחונות איבער גרויסע און שטאַרקע געהאַלטן.

זענען זיי אויף ברענענדיקע פערד ווי פיילן געפלויגן. עס האָבן די קלאָען דאָס בריהיקע זאַמד קוים באַרירט...

דען אויף די אָדלער-פערד האָבן זיי אַ נייעם נצחון געטראָגן.

אַ נצחון אַ נייעם פאַרן מוראדיקן שאַך!

און פאַר דעם גאָלדענעם וויינשטאָק זענען זיי פאַרביי-געפלויגן.

האָבן זיי די ברענענדיקע פערד פאַרהאַלטן און איינער האָט צום צווייטן געזאָגט:

— זע, אין דער מדבר — גאָלדענע טרויבן!

— גאָלדענע טרויבן! — האָט דער צווייטער געזאָגט. — אַ מתנה פאַרן זיגרייכן שאַך!

און אַ בליציקע שווערד האָט דעם וויינשטאָק פאַרשניטן און די גאָלדענע טרויבן צום מוראדיקן שאַך געפירט.

* *
*

און דער שאַך האָט זיין נייעם נצחון געפייערט.
אַרום האָבן שווערדן און פּאַנצערס געבליצט.
עס זענען באַזיגטע קיסרים אין גאָלדענע קייטן געשמידטע געשטאַנען.
אויף פּליאַסטערס פון איידלשטיינער האָבן באַיאַדערעס געטאַנצט און האַרפן און פלייטן האָבן די לופט פאַרהילכט.
און דאָ האָבן די ריטער אַ בעכער דערלאַנגט, און זיך צו דער ערד — בוקנדיק אַזוי געזאָגט:
— דאָ איז דער ווייַן פון די גאָלדענע מדבר-טרויבן, אָ, זיגרייכער שאַך!
האָט דער שאַך דעם בעכער אויפגעהויבן און אַזוי געזאָגט:
— איך טרינק דעם גאָלדענעם ווייַן פאַרן נצחון פון מיין אייזערנער שווערד!
— קיין לעבעדיקער זאָל איר נישט בייַשטיין, און פון מזרח ביז מערב זאָל זי בליצן! — האָבן קולות געשאַלט.
און דער שאַך האָט מיט תאווה דעם ווייַן אויסגעטרונקען...
— אַרמוּזדס טרערן!..

* *
*

שעכערעזאַדע האָט די מעשה פאַרענדיקט. פון די מינאַרעטן האָבן די מולאַס שוין צו „שחרית" די גלויביקע גערופן.
נאָר דער סולטאַן איז נישט אַנטשלאָפן געוואָרן... און אויף מאָרגן האָט שעכערעזאַד שוין נישט דערציילט...

## אַ ווינטער מעשהלע.

עס איז געווען אַ נאַכט אַ ווינטערדיקע, ווען די וועלט איז באַשאָטן מיט פּערל און בריליאַנטן און אויסגעבעט מיט ווייכע, ווייסע קישנס. איז דעמאָלט געגאַנגען מיטן וועג אַן אַלטיטשקער, אַ גראָבן פּעלץ האָט ער געטראָגן פון שעפּסנפעל און אַ לאַנגע, לאַנגע באָרד האָט ער געהאַט ווייס ווי שניי.

פון דער פּאַרע פון זיין מויל האָבן אים פּערל אַרום די ברעמען געגלאַנצט און לאַנגע צויטן אייז זענען אים פון די גרויסע וואָנסעס אַראָפּגעהאָנגען.

און ווייל דער ווינט האָט אַן עסנדיקער געדרונגען אונטערן קאָלנער און די קעלט האָט געביסן ביז צום ביין, האָט דער אַלטיטשקער, ציטערנדיק און שלאָגנדיק אַ צאָן אָן אַ צאָן אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. דאָס איז געווען פאַר אַ הויז אַ הויכס און אַ ברייטס מיט העלע ליכטיקע פענסטער און אַ שיין גערטל אַרום, וואו עס זענען אויסגעפּוצטע אין ווייסע קרע־נעלינעס געשטאַנען שלאַנקע יאָלקעס.

— עפנט מיר, ליבע מענטשן, דאָס בין איך, דער אַלטער פראָסט, עס איז אינדרויסן אַ קעלט אַן עסנדיקע, לאָזט מיך אַריין איבער דער שוועל.

— פראָסט? דו פגע־רע! האָט געענטפערט אַ מענטש פון יענעם זייט טיר, — שוין זאָלסטו זיך אָפּטראָגן פון דאַנען, וואָרום

דרײַ קלאפטער גראָבע העלצער שטייען פאַר דיינעטוועגן אויפן הויף אָנגעגרייט... נישט צום מילנער קומט דער פראָסט... — און ער האָט האַסטיק צוגעקלאַפּט די טיר, שיער נישט צו־קלעמענדיק אים זיין לאַנגע באָרד.

איז דער אַלטער מיט סקריפּנדיקע טריט אַוועק פון מילנערס הויז און איז צוגעקומען צו אַ שיין געפאַרבט הייזל, וואָס איז געשטאַנען צוגעדעקט אונטער אַ הויכן באַשנייטן דאַך. האָט זיך דערפרייט דער אַלטער פראָסט און שוין געוואָלט צוגיין אָנקלינגען ביים גלעקל פון טיר, דען דורכן קוימען איז אים פאַרלאָפן דער מחיהדיקער געשמאַק פון געקעכץ און פון אונטער די פאַרמאַכטע לאָדנס האָט זיך דערטראָגן אַ קוועלנדיק געלעכטער פון קליינע קינדער, וועמען דער אַלטיטשקער פראָסט האָט אַזוי ליב צו פיקן אין די נעזלעך און צו דרייען פאַר די אויערלעך.

נאָר פלוצלונג האָט ער דערהערט אַ קול פון אַן אַלטער באָבע, וואָס האָט די קינדערלעך שלאָפן געלייגט:

— שלאָפן גייטץ, קינדערלעך, שלאָפן; דען אונטערן טיר שטייט איצט דער פראָסט, אַ לאַנגע באָרד האָט ער, אַ קאַלטע ווי אייז און קינדערלעך קליינע כאַפּט ער אין זיין גרויסע טאָרבע.

— אמת, וועסט דעם פראָסט צו אונדז נישט אַריינלאָזן, באָבע? האָבן די קינדערלעך גערעדט.

— ניין, קינדערלעך. אַ שטעקן וועט די באָבע נעמען און דעם פראָסט אַרויסטרייבן. נישט צו באַלעבאַטים קומט דער פראָסט!

איז דער פראָסט אַן איינגעהויקערטער אַוועקגעגאַנגען. איז ער אַזוי געגאַנגען ביז ער איז אַ מידער שטיין געבליבן

אונטער אַ גרויס פֿאַרהאָנגען פֿענסטער, וואו עס האָט געוואוינט דער גרויסער וואַלד-סוחר, בוימפּרעסער.

דאָ האָט דער אַלטער געהערט, ווי עס האָבן געקלונגען מטבעות און דער סוחר האָט גערעדט מיט אַ פֿאַרפֿעצטן האַלדז:

– הע, לעבן זאָל דער פּראָסט! ס'איז דען דאָ נאָך אַזאַ וואוילער פֿריינט פֿאַר אונדזער מסחר ווי דער פּראָסט? – די טיפּסטע פֿאַרעוועס פֿון די אָלשינעס האָט ער אויסגעטריקנט, אַ שליטוועגס אַ מחיה געמאַכט, דעם שווערסטן קלאָץ פֿיר איך היינט אַרויס מיט איין פֿערדל – לעבן זאָל דער פּראָסט!

האָט זיך דער אַלטיטשקער דערפֿרייט און האָט שוין געוואָלט אָנקלאַפּן און זאָגן: אָט בין איך, דער אַלטער פּראָסט, וואָס האָט דיר פֿאַרפֿרוירן אַלע זומפּן אין דיינע וועלדער און דיר געמאַכט אַזעלכע גרינגע וועגן–אָט בין איך, ליבער סוחר, עפֿן מיר די טיר און לאָז אַריין – נאָר דאָ האָט אָבער דער סוחר אַ געשריי געטאָן:

– פֿאַרמאַך די טיר! ווייסט נישט, אַז ס'איז היינט ווינטער און דער פּראָסט שטייט אינדרויסן! צען קלאַפּטער האָלץ אָנגעגרייט און ס'איז שוין באַלד נישטאָ מיט וואָס דעם פּראָסט אַרויסצוטרייבן פֿון שטוב.

איז דער אַלטער אַן איינגעבויגענער אַוועקגעגאַנגען און זיך אַזוי געטראַכט: – וואָס פֿאַר אַ וועלט דאָס איז: לויבט מיך און פֿרייט זיך מיט מיר און לאָזט מיך איבערן שוועל נישט אַריבער. נישט ביים מילנער, און נישט ביים באַלעבאָס און נישט ביים סוחר. ווי נאָר אַ וואַרעם חדר זענען אַלע טירן פֿאַר מיר פֿאַרהאַקט...

אַזוי גייענדיק און זיפֿצנדיק, איז דער אַלטער פּראָסט געקומען פֿאַר אַן אַלט הילצערן כאַטקעלע. האַלב-איינגעפֿאַלן

איז עס געשטאַנען, קוים האַלטנדיק זיך אונטער דער שווערער מאַסע שניי. אַ טונקל פייגעלע האָט זיך געבראַכן אינעווייניק און פון פענצטערל זענען אַראָפּגעהאָנגען גראָבע צויטן אייז.

דער אַלטער, אַ געבראָכענער שוין אין דרייען, איז געשטאַנען און געקלערט, צי זאָל ער נאָך צוגיין אָנקלאַפּן און בעטן מען זאָל אים אַריינלאָזן... — אַז אַזעלכע רייכע סוחרים, וואָס האָבן פון מיר אַזוי פיל און וואָס רימען מיך אַזוי שטאַרק לאָזן מיך איבערן שוועל נישט אַדורך — היינט וועט מיך אַזאַ אָרימאַן אַריינלאָזן, וואָס האָט נאָך וועגן מיר קיין גוט וואָרט נישט געזאָגט... אַזוי האָט געקלערט דער אַלטער פראָסט, נאָר דאָך איז ער צוגעגאַנגען.

מיט שוועריקייט האָט ער זיך אַדורכגעקראָכן דורכן טיפן געפרוירענעם שניי, שיער נישט זיך אומגעקערט פון גליטשיקייט און אַ ריר געטאָן די טיר.

די טיר, וואָס האָט צומאָל קיין קליאַמקע נישט געהאַט, האָט זיך אַליין אויפגעמאַכט און דער פראָסט איז אַריין. אויף אַ גרויסן שטרוי-זאַק איז איצט דאָ געשלאָפן די משפּחה פון אַ מיל-טרעגער, צוגעדעקט מיט איין דערע, וואָס איז געווען צו קליין פאַר אַלע.

— אָ, דער פראָסט — האָט געזאָגט אַ קליין מיידעלע — מיר איז אַזוי קאַלט גיב מיר נאָך אַ שטיקל דערע, טאַטעשי. איך האָב מורא פאַרן פראָסט...

— לאָז שלאָפן בעסער, האָט דער טאַטע גערעדט פון אונטער דער דערע,—עס איז שוין אַזוי שפּעט און נאָך קאָן מען נישט אַנטשלאָפן ווערן. איך דאַרף שוין באַלד אויפשטיין און גיין אין מיל...

— און איך האָב אַזוי מורא פאַרן פראָסט, טאַטעשי...

און דער פראָסט האָט דאָס געהערט, האָט ער געשמייכלט פון זיין לאַנגע באָרד אַרויס צום מיידעלע און פּאַמעלעך אָראָפּגעלייגט זיין טאָרבע, אַרויסגענומען פון דאָרט זיינע מתּנות און געוויזן דעם מיידעלע. און געזען האָט דאָס מיידעלע פינקלדיקע שנירן קרעלן, האָט זי געשמייכלט, אַ ברוין-בלויע, פון דער דערע צו די בריליאַנטן-שנירלעך, וואָס דער אַלטער האָט געצויגן, צו די וואונדערלעכע אייז-בלומען, וואָס דער אַלטער האָט אויסגעשטעלט אויף די פענסטער און דער אַלטער האָט איר געוויזן אַלץ שענערע זאַכן. שפּיצן האָט ער געשטיקט פון וואונדערלעכע פעדעם, און קרעלן און ליאַלקעלעך פון גלאַנציקן אייז געטאָקט. און אין פערל באַשאָטן זענען געווען אירע האָר אויפן שטערנדל, פערלעך אויף דער דערע, וואָס זענען גרעסער געוואָרן און מערער מיט יעדן אָטעם אירן. און אַ שלאָף איז געפאַלן אויפן מיידעלע אַזאַ זיסער, וואָס האָט זיך אָנגעהייבן מיט אַ לאַנגן, לאַנגן ווינטער-חלום.

* * *

און אויף מאָרגן, ווען דער מילנער האָט געפרעגט פאַר וואָס עס איז נישט געקומען צו דער אַרבעט איינער פון די טרעגערס, האָט מען אים געענטפערט, אַז אַ מיידעלע איז ביי אים די נאַכט געפרוירן געוואָרן.

## דער ליפעראַנט פון גיהינום.

דער בית-דין של מעלה האָט זיך געעפנט. און אַרום די טרעפּ פון מלך-המלכים טראָן זענען געזעסן אַ היבשע כנופיא קדושים פון אַלע אמונות. אַ טייל מיט הוילע געגאָלטע קעפּ, אַנדערע — מיט בערד און פאות, און גאָר אַנדערע אין קאַ-לירטע גרויסע טשאַלמעס; גראָב-לייביקע קריסטן און דאַר-ביניקע מאַנדאַרינען, מיט נעז, באַזאָטלטע מיט שווערע ברילן, און מיט גרויסע פאַרמעטן אין די הענט.

און באַלד האָט זיך דער משפט אָנגעהויבן.

פאַרן בית-דין של מעלה זענען געשטאַנען צוויי זינדיקע נשמות, וואָס אין זייערע גופים האָט איינער געהייסן דזשאָן-בול, און דער צווייטער מאַכמעד אַלי.

האָט דער שטן אָנגעהויבן:

— אָט די נשמה, וואָס שטייט איצט פאַרן העכסטן בית-דין, איז געווען אין איר גוף אַ סוחר מיטן נאָמען דזשאָן בול, פון דער זינדיקער שטאָט ליווערפול, וואָס ליגט איינגעהילט אין די נעפלען פון די ימען. ער איז געווען אַן אייגנטימער פון

אַ כּך טיפּן, אַ באַזיצער פֿון קייל-גראָבן און אַ שפּינער פֿון ווייסן לייוונט. און כאָטש ער האָט שטענדיק גערעדט פֿון אַן ערלעכער וואָג און אמתער מאָס, האָט ער דאָס אָבער פֿאַרלייגנט נאָר פֿון זיין חבר. אונטער דער הייסער זון פֿון מזרח-לאַנד האָבן זיך טויזנטער רוקנס פֿאַר זייַנעטוועגן געבויגן, און ווען איינער איז געפֿאַלן, האָבן אים זיינע אייגענע ברידער מיט ריטער פֿאַרשמיסן, דען אַזוי האָט ער באַפֿוילן, דער האַר פֿון ווייסן נעפֿל-לאַנד. און שיפֿן האָט ער געפֿירט, וואו געפֿוילט האָבן שיף-קנעכט, געפֿרעסן פֿון זון און ווינט. און אונטער דער ערד האָבן פֿאַר אים מענטשן קוילן געריסן, פֿאַרקרענקנדיק אים די שיין פֿון זייער יוגנט. און גענאַרט האָט ער זיי, צוזאָגנדיק זיי ברויט — און געגעבן אַ שטענדיקן הונגער און אייביקער פּיין. און גאָלד-הויפֿנס אָנגעשאַרט האָט ער, און געלייען אויף ציגנ, וואָס דריי דורות האָבן נישט אויסגעצאָלט, און שטיינער, ווי קליינע זונען האָט ער באַהאַלטן אין זיינע קאַסעס, און ווען אינדרויסן האָבן זיינע קנעכט נאָך ברויט געשריגן, האָט ער זיך הינטער שווערע טירן פֿאַרשפּאַרט און גאָלד געוואויגן. — בעט איך דעריבער דעם בית-דין של מעלה, אים אין אייביקן קף-הקלע אַריינצוּוואַרפֿן, אַז אין אייביקן פֿייער זאָל זיין נשמה פֿאַר אירע זינד אָפּקומען.

וואו זענען די עדות? — האָט געפֿרעגט דער עלצטער פֿון די שופטים.

— יאָ, יאָ, עדות דאַרף מען, אָן עדות קאָן מען נישט משפּטן, — האָט באַשטעטיקט אַ יונגער צדיק, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגענומען אַ יונגער נאָמע, אַז קיינער זאָל נישט זען.

— יאָ, יאָ, — עדות זאָלן זיין שטעלן, האָבן צוגעבאָמקעט עלטערע זקנים, נאָך אַ גוטן שמעק הימלישן טאַביק.

דער שטן האָט אַ שמייכל געטון און פאַר שׂמחה אָנגע-
הויבן דרייען מיט זיין לאַנגן עק: דען באַלד האָבן זיך עדות
פאַרן בית-דין געשטעלט אין אַ ריי, ווי לאַנג דאָס אויג האָט
נאָר געקאָנט כאַפּן. אין אַ לאַנגער אומענדיקער פּראָצעסיע זענען
זיי, די עדות, איצט דורכגעגאַנגען פאַר די שופטים. דער ער-
שטער איז געגאַנגען דער שוואַרצער אַפריקאַנער מיט אַ צעקאַ-
טעוועט לייב פון ריטער, און באַוויינט זיין ווייב און קינדער,
וועלכע מען האָט אויף דריי וועלט-טיילן פאַרקויפט; ציילאָנישע
פּערל-זוכער זענען פאַרבייגעגאַנגען מיט שטיפלען בלוט, וואָס
איז זיי אַרויס פון די נאָזלעכער, זוכנדיק די טייערע פּערל.
קלאָגמוטערס זענען געקומען, קאָלירטע, וואָס האָבן דערציילט
פון קינדער פאַרקויפטע פון דער מוטערס שויס, און מענער
פאַרשאָלטענע ביים גאָלד-זוכן. און פון ווייטן צפון זענען געקו-
מען עדות, שוואַרצע ווי די ערד, מיט רויט-פאַרלאָפענע אויגן.
דאָס זענען געווען פאַרשאָלטענע קוילן-גרעבער. זיי האָבן געקאָנט
די זון-שיין פון זייערע טעג. און דערנאָך זענען געקומען אין
דרייען-געבויגענע וועבער...

אַ שטילקייט האָט אַרומגענומען דעם בית-דין של-מעלה.

— און וואָס זאָגסטו, פאַרבלאָנדזשעטער זון פון דער
ערד? — האָט פּאָטערלעך געפרעגט אַ גרייז-גרויער מאַנדאַרין,
וואָס איז זיין גאַנץ לעבן אָפּגעזעסן אויף אַ קלאָץ, כדי אַריינ-
צוקומען אין דער געטלעכער נירוואַנע.

— זאָג עפּעס, מיין זון, אַז דו זאָלסט צעשלאָגן די רייד
פון קטיגור, — האָט פרום געזאָגט נאָך אַ צדיק, וואָס האָט זיך
געטובלט אין געפרוירענע מקוואות, און איז דערפון טאַקע
געשטאָרבן.

דזשאָן-בול האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי אַ ציטער טוט די פּייקע, נאָר נישט געפינענדיק, נישט קיין פּייקע און נישט קיין תּירוץ, האָט ער אַ פּאָר מאָל געזאָגט „יעס" און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— איצט רעדט דער מליץ-יושר, — האָט מען אויסגערופן אין הימל.

נאָר דער מליץ-יושר האָט אָבער קיין איין וואָרט נישט געהאַט אים גערעכט צו מאַכן, האָט ער זיך אַ קראַץ געטון אין פּאַטעלניצע:

רחמים גיט אין פאַר אים ביים בית-דין של-מעלה. ער אַליין איז אפשר גאָר אַזוי פיל נישט שולדיק, ווען נישט אָט דער, וואָס איז שטענדיק גרייט געווען אויסצופירן זיין יעדן באַפעל אויפן בלויזן ווינק זיינעם, — און ער האָט אָנגעוויזן אויף מאַכמעד אַלין.

— ווער ביסטו דאָס, עפּעס אַ היימישער? — האָט געפרעגט דער פאַרשטייפסטער מאַנדאַרין.

— דאָס איז ער, זיין טרעגער און שטיוול-פוצער, דער מענטש פון מזרח.

דער מענטש, וואָס האָט אַפּנים ווייניק פאַרשטאַנען, האָט פון געוואוינהייט צופליגט די האַנט צום שטערן, דערנאָך צום האַרצן, און זיך געבוקט, אַזוי ווי ער פלעגט עס שטענדיק טון פאַר זיין האַר דזשאָן-בול.

— נעם זיי צו! — איז אַרויס אַ משפּט איבער זיי ביידן.

און דער שטן האָט ביידן באַלד אַ כאַפּ געטון אויף דער דריי-צאַקיקער ווידלע, און אַראָפּגעפלויגן מיט זיי אונטן, אין קף-הקלע אַריין.

וואָלקנס רויך, שוואַרצע ווי די נאַכט, און אַ געלער שטרייף פון שוועבל, האָבן אָנגעזאָגט די נאָענטקייט פון גיהנום.

— אַללאַ, אַללאַ, — האָט געשעפּטשעט דער מענטש פון מזרח; ביי דזשאָן-בולן ווידער האָט עפּעס ווי אַ שמייכל אַ שײַן געטון אויפן פּנים.

— אַנטראַציט, פיינער אַנטראַציט... — האָט ער אַ זאָג געטון פון דער ווידלס אַרויף, און איבערבויגנדיק זיך צום פערדישן אויער פון מחבל, האָט ער אַ פרעג געטון:

— וואָס צאָלט איר דאָ אַ טאָן?

— ס'איז ווערט ווי טייער מען זאָל נישט צאָלן האָט דער מחבל געשטשירעט די ציין. — אָט וועסטו זיך באַלד דערוויסן, אַז איך וועל דיך אויסבאָדן אין הייסן בליי און שוועבל.

— באַמיט אייך נישט, סער. — האָט דזשאָן-בול געזאָגט.— לאָמיר רעדן צו דער זאַך... אויף מיינע רייזעס האָב איך שוין נישט איינמאָל געשעפט געשלאָסן. — צען שילינג אַ טאָן, נאָר אײַן זאַך, — אַ מאָנאָפּאָל... און איר קריגט איינס פּראָצענט.

— ווייניק, דזשאָן-בול, איר ווילט דעם טייוול אויך אָפּ-נאַרן...

— צוויי...

— ווייניק...

— דריי... אַ סוף, נאַר מיט אייערע מענטשן...

דער מחבל האָט געטראַכט, געשטשירעט די ציין און גע-רעכנט אויף אַלע פינגער.

— געמאַכט... — האָט ער ענדלעך געזאָגט.

— אָלרייט!

און פון דעמאָלט־אָן איז דזשאָן־בול געוואָרן דער ליפֿע־ראַנט פון גיהנם. און ווען ט'האָט זיך געענדקט זיין צייט און מען האָט אים געדופן אין הימל אַריין, האָט ער נישט געוואָלט גיין, און זיצט אין גיהנם אין רחבות ביז היינטיקן טאָג.

און דער מענטש פון מזרח פּיצט איב וויטער די שפּיל...

## דער קוואַל פון חכמה.

פון זיין פענסטער האָט דער קאַליף אָמאַר געקוקט אויף דער ריינער שטאָט אַלעקסאַנדריע. פאַר אים האָבן ווי שלאַנקע פאַלמען זיך דערהויבן אומצייליקע מינאַרעטן, און קופּאָלן האָבן געגלאַנצט פון צווישן גרינע פלעקן פון גערטנער.

און דער קאַליף האָט אַ פרעג געטון זיין ערשטן עצה־געבער:

- ווער איז אָט דער גרויסער קופּאָל, וואָס לייכט אַזוי אין דער זון אַ גאָלד־באַדעקטער?

און דער עצה־געבער האָט געענטפערט:

— אָ, הער און קאַליף אונזערער, דאָס איז דאָך דיין לויב, וואָס ווערט געטראָגן פון לאַנד צו לאַנד צוזאַמען מיט דיין נאָמען. דאָס איז דער בנין פון דער גרעסטער ביבליאָטעק אין דער וועלט, ווי עס ליגט הויפּנס־ווייז די חכמה. פון ווי־ווייט ציט מען צו דער שטאָט אַלעקסאַנדריע, וואָס איר קאַליף ווייס ווי די חכמה צו שעצן.

— ווי וואונדערלעך, אַז איך האָב דערפון גאָרנישט געוואוסט. — האָט געשמייכלט דער קאַליף — שוין אַזוי לאַנג,

ווי נאָך וויסן גאַרט מיין געמיט און צום סוף שטיי איך ביים קוואַל פון חכמה און שעפּ נישט קיין פולע עמערס און טרוקן איין פאַר דורשט.

און דער קאַליף האָט געשיקט נאָך זיינע דריי געלערנטע: איבראַהים, יוסוף און אכמעד און צו זיי אַזוי געזאָגט:

— גייט צום קוואַל פון חכמה, צו דער גרויסער ביבליאָטעק, וואָס איך האַלט אויס פון מיין אוצר און מישט דאָרט אין די ביכער און שעפּט אָן חכמה פולע עמערס. און נאָך דריי לבנות זאָלט איר קומען צו אייער קאַליף און אים באַהויכן מיט דעם טוי פון חכמה, וואָס איר האָט אין די ביכער געפונען.

— זענען אַוועקגעגאַנגען די דריי געלערנטע און נאָך דריי לבנות זיך גריבלען אין די ביכער זענען זיי צוריקגעקומען איטלעכער פול, ווי אַ מילגרוים מיט וויסן און חכמה.

צום ערשטן האָט גערעדט דער עלצטער, דער חכם איבראַהים, און ער האָט אַזוי געזאָגט:

— גרויס איז אַללאַ און זיין נביא מחמד! די ביכער, וואָס זענען חכמה-פול דערציילן פון דער שיינקייט פון דער וועלט. אָט ווערעמען די ברענענדיקע שטראַלן פון דער זון דער פּאַלמעס קרוין און אין איר שאָטן דערקוויקט זיך דער וואַנדערער — די ליכט ווי דער שאָטן זענען ביידע באַגערט. פאַרטיף זיך, אָ, גרויסער קאַליף, און חכמה ועסטו געפינען ביים וואָרעם פון דער ערד, און אַ סדר אַפילו אין די אומצייליקע שטערן פון הימל. דען אומעטום איז אַללאַס אויג און נישט פאַרלוירן גייט דאָס מי פון פּעלאַך און אַפילו אַ טראָפּן טוי אויף אַ בלאַט: פון זיין שווייס ווערט ברויט אויפן פעלד און האָניג אויפן טייטלבוים...

און דריי טעג כּסדר האָט דער חכם איבראַהים דערציילט, און דריי טעג האָט דער קאַליף זיך געוואונדערט איבער דער שיינקייט פון דער וועלט און איבער דאָס גרויסקייט און חכמה פון אַללאַ און זיין באַשאַפונג.

האָט אָנגעהייבן דער צווייטער חכם יוסוף:

— אָ, גרויסער קאַליף, נישט אויסדערציילן קאָן מיין צונג דאָס שלעכטס, וואָס פּרוּכפּערט און מערט זיך און וואָס האָט געמאַכט פון דער ערד אַ טאָל פון יאָמער. פאַרצוּקט ווערט דאָס שאָף פון לעמפּערט און דער האָז פון אָדלער פון הימל. און ווער זויגט אָן די בלינדע קעצפּלעך פון דער לייבן־מוטער, ווען עס טרעפט איר די פייל פון שיסער? נישטאָ קיין סדר אין די ווינטן און קיין באַלוינונג פאַר פּיין. און מיט אַ אייביקן צער איז פול די וועלט און אַ מלחמה פירט אַלץ, וואָס לעבט צו שטילן זיין הונגער, וואָס האָט נישט קיין סוף...

און דריי טעג כּסדר האָט דער חכם יוסוף דערציילט, און דריי טעג האָט דער קאַליף אָמאַר געצאָרנט אויפן שלעכטס, מיט וואָס עס איז פול די וועלט פון אירע ערשטע טעג.

און דער דריטער האָט גערעדט אַכמעד

— אָ, שטאַרקער הערשער אונזערער!

עס גייט אויף די זון אין מזרח און פאַרגייט אין מערב — און צו וואָס ווערט געבוירן דער טאָג און צו וואָס קומט די נאַכט? — נאַריש איז אַלץ און אָן אַ זין. צו וואָס די ווייטאָגן פון דער געווינערין — ווען שוין לויערט דער טויט אויף איר פרוכט פון ערשטן טאָג פון זיין געבוירן. — און דריי טעג כּסדר האָט דער חכם אַכמעד דערציילט, אַז אָן תכלית איז אַלץ און אָן אַ ווערט. — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

און דריי נעכט איז אויף זיין געלעגער נישט איינגע־שלאָפן דער קאַליף אָמאַר, קלערנדיק איבער די רייד פון די חכמים... ביז אויפן פערטן טאָג האָט ער אויסגעגעבן זיין באַפעל:

— פאַרברענען די ביבליאָטעק פון אַלעקסאַנדריע!

און אַזוי איז געשען.

## אין די ערשטע טעג.

„און די ערד איז געווען וויסט און לער און פינסטער איבערן אָפּגרונד"

נאָר אין די ווערקשטאַטן, ווי מען האָט באַשריבן —, און טייכן בערג און טאָלן, דאָרט האָט געהערשט און געהערשט: יידן-מעקלערס האָבן זיך געיאָגט נאָך באַשטעלונגען אויף ווינט, אַמעריקאַנער האָבן געאײַלט נאָך קאָנצעסיעס אויף נאַפט און זיך משתדל געווען, אַז דער גן-עדן זאָל זיין אויף דער טעריטאָריע פון די פאַראייניקטע שטאַטן; בריטאַניער האָבן באַשטעלט דאָמיניאָנס און אומעטום געווישטערט מיט זייערע לאַנגע פינגער און פראַנצויזן האָבן זיך געמשפּט איבער אַלטע חובות און געבעטן איבערלאָזן אַ פאַסיקל ערד צווישן צוויי אָקעאַנען אויף אַ פאַנאַמאַ-קאַנאַל...

הידראולישע פּאָמפּן (MADE IN U.S.A.) האָבן אָנגעפילט די אָקעאַנען און מחנות שוואַרצע האָבן אָנגעשאָטן די קאָלדיליערן-בערג אונטער די הימלישע קלאַנגען פון „יענקי-דודל".

פאַרשטייט זיך, אַז מען איז זיך נישט באַגאַנגען אָן אַ רייטשישן לעקסיקאָן, ווי עס איז געשריבן געווען, למשל, אַז דער עלפאַנט האָט אַ לאַנגע נאָז און אַ קורצע בלינדע קישקע און אַ „ענציקלאָפּעדיא בריטאַניקאַ", ווי עס ווערט געזאָגט וועגן דערזעלבער חיה, אַז זי געפינט זיך אויף שטענדיק אין די לענדער פון בריטישן באַזיץ.

און עס איז געשען, אַז נאָך איידער עס זענען געוואָרן אויסגעצייכנט די גרענעצן צווישן ים און יבשה, האָט מען שוין אין לאָנדאָן געוואוסט וועגן דעם גאָלד, וואָס איז געוואָרן איינגעקנעטן אין דער ערד פון דרום-אַפריקע... און ווען דער מלאך ליוציפער האָט דעריבער אַרויסגעשטעלט דעם באַקאַנטן אויפשריפט „אַריינגאַנג פאַר זייטיקע פאַרבאָטן" — זענען דורך די אונטערטירן געקומען די פאָרשטייער פון דער אונטערנאַציאָנאַלער פרעסע (עפּעס ס'רוב מיט לאַנגע נעזן) נאָך אַ „וואָס הערט זיך" און מיסיאָנערן — אַוועקשטעלן אַ צלם אויף די וועגן, און דערווייל געזוכט אייל, פאַר די הייליקע לעמפּלעך אַוודי...

יונגע מלאכימלעך, וואָס האָבן געמאָלן בלומען, געקעפּט בלעטער און אויסגעשוירן שמעטערלינגען — איטלעכער לויט זיין השגה, מיט די פאַרביקסטע פליגעלעך, קריכנדיקע, שפּרינגנדיקע — האָבן אין ציטערניש געטראָגן זייער ווערק צו דעם זויערן אַלטן, דער קריטיקער, וואָס האָט אָנגעזאָטלט זיינע האָרן-ברילן, גענומען עס אונטער אַ ליופּע און געזאָגט:

— אָט דאָס וועט געהערן צו דער פאַמילע שפּרינגערס און אויף לאַטיין וועט עס הייסן... הא, ווי וועט עס הייסן אויף לאַטיין?..

און פול איז געווען מיט אים אין אַלע ווינקעלעך, און נאָך איידער עפּעס איז אַנטשטאַנען, האָט ער עס שוין גע-

מאָסטן און געוואויגן געמאָלן מיטן צונג און געזאָגט מבינות. אָט איז אים נישט געפעלן געוואָרן דער בוים „סאָסנע״, וואָס „איז שטייף, וועט נישט האָבן פאַר קיינעם קיין ווערט און איז אָן עקספּרעסיע...״ די מירטן-בלומען „וואָס זעען אויס ווי אָן לעבן״ און די רויזן, וואָס האָבן אַ העסלעכן ריח. דאָסזעלבע האָט ער געזאָגט וועגן די באַשעפענישן: אַז דאָס פערד איז אַ פאַרקריפּלינג פון זשיראַף, אַ פּלאַגיאַט, אַ כּאַשעפעניש אָן פּראָפּאָרציע, וואָס לויט זיין געבוי וועט זיך עס נישט קאָנען באַוועגן און איז בכלל אָן „ליניע״... דערפאַר האָט ער געלויבט דעם היפּאָפּאָטאַם „וואָס וועט טראָגן דעם רייטער פייל אויס בויגן״, באַזינגען די ליניען פון עלפאַנט און דאָס שלאַנקייט פון נאָז-האָרן.

און דער יונגער מלאך גבריאל, וואָס האָט געשניצט די הירשן-פּאָר, האָט צוליב אים געוואָרפן דאָס ווערק און דער זי שוין נישט דערענדיגט די שיינע הערנער.

צעפרידן דערפאַר זענען געבליבן דער מלאך בעלזעבוב, וואָס האָט געפלאָכטן די שלאַנג — אויף וועלכער דער קריטיקער האָט געלעגט גרויסע האָפענונגען — און דאָס אַנאָנימע ווערק „דער חזיר״, וואָס איז פון אים געלויבט געוואָרן פאַר אַ ווערק, וואָס בלייבט אויף אַלע דורות.

און אויבן, אין זיבעטן הימל איז געזעסן דער באַשעפער אַליין און האָט געשאַפן דעם „מענטש״. און די פאָרשטייער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע האָבן געקוקט דורכן שליסל-לאָך און צוגעטראָגן דעם קריטיקער:

— ער האָט נישט קיין הערנער, דער „מענטש״

— ער וועט זיך נישט קאָנען ווערן — האָט דער קריטיקער געזאָגט.

— ער האָט נישט קיין נעגל, ווי דער לייב...

— ער האָט נישט קיין שפּיץ־ציין ווי דער וואָלף.

— אַ דינע פעל...

— ער וועט שטאַרבן פון הונגער און קעלט — האָט זיך געקרימט דער קריטיקער און צוזאַמען מיט די פּרעסע־לייט האָבן זיי געוואַרט צו הערן, מיט וואָס דער באַשעפער וועט באַשענקען זיין ווערק.

— איך וועל איהם באַשענקען מיט ג ײ ס ט, דעם „מענש״.— האָט דער באַשעפער געזאָגט·

און אַוועקגעגאַנגען זענען די פּרעסע־לייט מיטן קריטי· קער מורמלענדיקע:

— גייסט, ווער דאַרף גייסט?..

